# געקליבענע לידער

— פון —

עוזר סמאָלענסקין



אַרויסגעגעבן פון

פילאַדעלפיער היברו ליטעראַטור סאָסייטי

מיט דער מיטווירקונג פון פילאַדעלפיער צווייג

„אידישע קולטור געזעלשאַפט“

1933

גערווידמעט
דעם אנדענקען
פון מיין באבע חיה
און מאמע חיה־גיסי,
ע"ה.

# אַ במקום הקדמה

.1

אינ׳ם קליינעם אוקראַיינישן שטעטל, וואו איך האָב ביי אַ פרומען חסיד׳ישן מלמד געלערנט ש״ס און פוסקים, און אין די פרייע שטונדן אליין, פאר זיך, געלערנט ספרי־מוסר, חסידות און קבלה—אַלץ, וואָס איך האָב נאָר ביי מיין רבי׳ן אין הויז, ביי׳ם רב און דין פון שטעטל און אין גרויסן חסיד׳ישן בית־המדרש קריגן געקאָנט,—האָב איך צו צוועלף יאָר דערטאפּט ערגעץ דעם רד״ק׳ס „מסלול״ און מיט גרויס חשק זיך גענומען חזר׳ן די כללי־הדקדוק, כדי איך זאָל קאָנען אָפּ־היטן ביי׳ם דאווענען דעם „דגש חזק״ מיט׳ן „דגש קל״, דעם „שוא נח״ און „שוא נע״ און דעם „מלעיל און מלרע״.

גראָד אין יענער צייט האָט דער גוטער יאָר אָנגעטראָגן צו אונז אין שטעטל עפּעס אַ לערערל מיט פארלייגטע הינטער די אויערן פיאות און אין אַ קורצן רעקל. איינמאָל, דערהערנדיק מיך קוועטשן דאָס דאווענען על־פּי דקדוק, האָט ער זיך דערנענטערט צו מיר, גע־וואָרן גוט־פריינט און בגנבה אָנגעהויבן מיר אונטערצושטופּן לשון־קודש׳דיקע ספרים׳לאך, ווי דעם „אהבת־ציון״, אשמת שומרון״ און אנדערע.

צו דרייצן יאָר, אין גיכן נאָך מיין בר־מצוה, האָב איך, דורך דעם זעלבן לערערל, זיך באקענט מיט׳ן אפּיקורוס פון אונזער שטעטל, וואָס ער האָט פארמאָגט אַ גרויסע ביבליאָטעק פון כמעט אַלע, אַלטע און נייע, השכלה ספרים.

מיט אמת׳ער מסירות־נפש פלעג איך זיך אמאָל ביינאכט אריינ־כאפּן צו אָט יענעם אפּיקורוס אין הויז און באָרגן ביי אים איינציק־

וויים די שווערע, דיקע ספרי־תנך מיט'ן „ביאור", דעם „תלמוד־לשון־עברי" און אנדערע פון דעם מין *).

צווישן אנדערע אפיקורסישע ביכלעך האָט ער מיר איינמאָל אויך אריינגעשטופּט לינעצקי'ס „פּוילישע אינגל". און מיט אָט דעם ביכל בין איך ניט פאַרזיכטיק גענוג געווען און בין מיאוס אריינגעפאַלן: דער רבי האָט מיך געכאַפּט, ווען איך האָב פון אים עפּעס פאַרגעלייענט פאַר מיינע חברים אין חדר. איך בין אזוי געווען פארטיפט אין מיין פאַרלעזונג, און מיינע חברים אזוי פארכאַפּט פונ'ם פאַרגעלעזענעם, אז קיינער פון אונז האָט ניט געהערט און ניט באמערקט, ווי דער רבי איז פונ'ם דאַווענען אריינגעקומען אין שטוב און שטיין געבליבן ביי דער טיר מיט'ן טלית־זאַק אונטער'ן אָרעם.

—„וואָס איז דאָס, האַ?"

ביי די דאַזיקע אזוי גוט אונז באַקענטע, אָבער גאַנץ אומדערוואַרטעטע ווערטער איז מיין קול ווי אָפּגענומען געוואָרן. איך האָב שנעל פארמאַכט דאָס ביכל און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט דעם.

דער רבי איז צוגעגאַנגען צו מיר, געהייסן מיר ציי̈גן אים דאָס ביכל, א קוק געטאָן אויפ'ן שער־בלאַט, געהייסן אלע מיינע חברים פארנעמען זייערע ערטער ארום טיש מיט די גמרא'ס (צו מיר איז קיין כתה ניט געווען, און איך האָב דעריבער געהאַט א באַזונדער טישל פאַר זיך מיט מיינע ספרים לעבן א פענצטער אין א ווינקל פון חדר) און דאַן האָט ער, מיט אַן עטוואָס אויפגערעגט קול, שטיל און כמעט פליסטערנדיק געזאָגט צו מיר: „דו, עוזר, בלייבסט היינט אויף וואַרעמעס ביי מיר—איך וויל מיט דיר עפּעס ריידן".

---

*) אָט די ספרים פלעג איך לערנען שפּעט ביינאַכט, ווען אַלע זענען שוין אין דער היים געשלאָפן, אויפ'ן אויוון, וואו איך האָב מיין געלעגער געהאַט,ביים טונקעלן שיין פון אַ קליין, רויכערדיק, בלעכן קעראָסין לעמפּל.

ביי די ווערטער איז דאָס האַרץ אין מיר איינגעפאַלן. איך האָב זיך געפילט ווי שולדיק פאַר מיין רבי׳ן, וועלכער האָט מיך ליב גע־האַט מער פון אַלע זיינע תלמידים, און פלעקט מיט מיר שטאָלצירן פאַר זיינע קאָלעגן־מלמדים און אַלע אַנדערע כלי־קודש. איך בין דאַן אַלט געווען קאַרגע פערצן יאָר און האָב שוין ניט נאָר געלערנט „יורה־דעה" און „חושן־משפט" מיט אַלע מפרשים—איך פלעג שוין אַליין, יעדן טאָג זאָגן אַ „לייענען" פאַר אים, איינמאָל פון „בבא־בתרא" מיט׳ן „מהרשא" און „מהרם־שיף" און אַ צווייטן מאָל פון „נדרים" מיט׳ן „ר"ן" און „אַלפס"; און יעדן דאָנערשטאָג אויף דער נאַכט, ווען אַלע תלמידים פלעגן שוין אַוועקגיין אַהיים, בין איך גע־בליבן אין חדר און צוזאַמען מיט׳ן רבי׳ן פלעגן מיר לערנען די סדרה פון דער וואָך מיט׳ן „אַלשיך", אָט דעם ארץ־ישׂראל׳דיקן מפרש מיט זיין מאָדנע־האַרבן סודות׳דיקן לשון, און יעדן שבת בייטאָג—אַמאָל דעם „ערבי־נחל", וואָס איז אָנגעפּיקעוועט מיט „סודות", „רמזים", „ניטרוקן", „צירופים" און „הכאות", און אַן אַנדערש מאָל ר׳ יונתן פּרעגער׳ס „יערות־דבש" (פון אָט דעם לעצטן ספר פלעג איך אָפט אמת׳דיק הנאה האָבן: נאָך מיין דאַמאָלסדיקן באַגריף—טאַקי זיס ווי האָניק געווען) — מיט איינעם וואָרט, איך בין געווען פאַררעכנט ביי אים ווי אַ חבר, ניט קיין תלמיד, און . . פּלוצלונג אַזאַ אומגליק.

אַרום צוועלף אַזייגער, אַזוי שנעל ווי דער גאַנצער „חדר" איז אַוועק אַהיים עסן וואַרעמעס, נאָך איידער די רבי׳צן האָט צום טיש געגרייט, האָט דער רבי פאַרמאַכט די טיר פון חדר, קיינער זאָל אונז ניט שטערן, און זיך געווענדט צו מיר בזה הלשון:

„אַזוי, אַזוי, עוזרל! אָט וואו דו האַלטסט שוין! איך האָב אָבער שוין מיט אַ צייט צוריק „מאחורי הפרגוד" געהערט, אַז דו גייסט אַרונטער פונ׳ם דרך הישר . . . עס האָט זיך מיר אָבער ניט געוואָלט

גלויבן אויף דיר: סטייטש! היתכן?! דו, מיין בעסטער תלמיד, מיין תלמיד מובהק, מעג איך זאָגן—וואָס צוויי רבנים האָבן דיך געוואָלט פאַר א חתן (איין רב'ס טאָכטער בין איך צוזאמען מיט מיין רבי'ן און מיין באבע'ן געפּאָרן שוין אפילו „אָנקוקן": עפּעס אַן איבערגע־וואקסענע, פּרישטשעוואטע מויד פון א יאָר פינף און צוואנציק) — זאָלסטו גאָר . . . זאָלסטו לייענען דאָס „פּוילישע אינגל"?! און ניט נאָר דאָס „פּוילישע אינגל" אליין . . . זאָג מיר, עוזרל, דעם אמת: קוקסטו טאקי אריין אינ'ם תנ"ך מיט'ן „ביאור" פון אָט יענע „בער־לינטשיקעס", ימח שמם וזכרם?! לערנסטו טאקי אָט יענעם „בן־כלב'ס" (בן־זאב'ס) „תלמוד־לשון־עברי"? צי אפשר האָבן עס נאָר שונאים, ניט פארגינערס, אויסגעטראכט אויף דיר?—וואָס שווייגסטו, עוזר? פארוואָס ענטפערסטו מיר ניט? זאָל איך זאָגן, אז . . . „שתיקא כהודיה דמיא"? . . .*)

די גאנצע צייט פון אָט דער טיראדע האָב איך געהאלטן דעם קאָפּ ארונטערגעלאָזט: ניט געקאָנט מיין רבי'ן גלייך אין פּנים אריינ־קוקן. לייקענען האָב איך ניט געוואָלט; מודה זיין זיך האָב איך ניט געוואגט: עס וואָלט געווען פאר אים א צו שטארקער קלאַפּ — זאָל ער דערווייל מיינען, אז איך בין מהרהר בתשובה.

און כך הווא:

—„הער־זשע אוים, עוזר!" האָט ער נאָך א קורצן נאָכדיינקען פאַרטגעזעצט: „איך זע, און איך גלויב, אז דו ביסט נאָך ניט צו ווייט אוועק אויפ'ן וועג צו דער סטרא אחרא, ביסט נאָך ניט צו טיף פאר־זונקען אין די מ"ט שערי־טומאה . . . טאָ באדיינק זיך און קער זיך אום צוריק צום איינציקן קוואל פון דער חכמה עליונה, צו אונזער

*) א יורידישער אויסדרוק אין תלמוד, מיינענדיק: שווייגן הייסט צוגעבן, זיך מודה זיין.

הייליקער תורה מיט אַלע אירע געטלעכע מפרשים, ראשונים ואחרונים: און דאַן . . . און דאַן האָף איך, אַז מיט׳ן אויבערשטנ׳ס הילף וועסטו אין דריי פיר יאָר אַרום קריגן סמיכה אויף רבנות און אפשר נאָך חתונה האָבן מיט אַ גביר׳ס אַ טאָכטער און פאַראייניקן „תורה וגדולה במקום אחד״. און ביי די ווערטער דערלאַנגט ער מיר דאָס „פוילישע אינגל״ און זאָגט: „נאַ, נעם אָט די פּאַסקודסטוואָ און גיב עס אָפּ צוריק דעם ימח־שמו׳ניק, ביי וועמען דו האָסט עס געליען, מיט אַלע זיינע אַנדערע ספרים חיצונים, אויב דו האָסט וועלכע ביי זיך, און גאָט זאָל דיר — און איך האָף, אַז ער וועט דיר — מוחל זיין, און איך וועל בלייבן ווי פריער דיין געטרייער רבי און . . . און חבר. איצט קום זיך וואַשן צום עסן!״

.2

מיין רבינ׳ס האָפנונגען זענען, ליידער, ניט דערפילט געוואָרן. דאָס „פוילישע אינגל״ האָב איך טאַקי אומגעקערט זיין אייגנטימער, אויף זיין פלאַץ אָבער האָב איך גענומען עטלעכע אַנדערע ביכלעך, צווישן וועלכע עס איז אויך געווען אברהם מאַפּו׳ס „עיט צבוע״, — יענער ספר, וואָס איז, דוכט מיר, מער ווי אַלע אַנדערע פון זיין מין, געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער גאָר גרויסער צאָל אפיקורסים, וואָס זענען אין יענער עפּאָכע אַרויפגעשוואָומען אויף דער שטילער, פאַרשימלטער אויבערפלאַך פונ׳ם שטייענדיקן זומפּ — דעם האַלב־פאַרשלאָפענעם אידיש־חסידישן לעבן פון די אוקראַיינישע שטעט און שטעטלעך.

און ניט שפּעטער ווי אין צוויי, דריי חדשים אַרום נאָך מיין רבינ׳ס גוט געמיינטן און טיף דורכגעפילטן מאָנאָלאָג פון פריינט־לעכער מוסר־זאָגעריי איז מיין נאָמען אין שטעטל, וואו אַלע ווייבער האָבן זיך ביז אַהער מיט מיר געבענטשט און זיך געוואונטשן אַזעלכע

גוטע און פרומע בחורים׳לעך־מתמידים ווי איך, געוואָרן צו שאנד און צו שפּאָט, און מיין לאגע איז געוואָרן אומדערטרעגלעך.

און פאסירט האָט עס אָט ווי:

אויפגעהאלטן האָב איך זיך ביי מיינער א באבע, אן אָרעמע אלמנה פון איר ערשטן מאן, מיין זיידן פון טאטנ׳ס צד, און א פאר־אומגליקטע, וויסטע עגונה פון איר צווייטן מאן. געוואוינט האָבן מיר אין שכנות ביי א פרומען, חסיד׳ישן יונגען מאן, א רב׳ס א זון, א שמש אין א קליין חסיד׳יש קלייזל. זיין ווייב, מיין רבינ׳ס א שוועסטער, האָט געהאט א „שטעלכל" צווישן די קרעמלעך פון אי־דישן מארק. זיי האָבן געהאט עטלעכע קינדער, פון וועלכע דאָס עלטסטע איז געווען א בחור׳ל מיט איין יאָר אינגער פון מיר, וואָס האָט געהאט א גוט „קעפּל" און געווען א שטיקל מתמיד דערצו, און מיר זענען, נאטירלעך, געווען באפריינדעט. ווייס איך ניט גענוי עד היום: צי האָט עס מיין רבי אָט דאָס בחור׳ל, זיין פּלימעניקל, אָנ־געשטעלט מיך צו שפּיאָנירן און אויסגעפינען וואָס איך לערן און לייען אין די שפּעטע אָווענטן אין דער היים, אָדער דער אפיקורסישער יצר־הרע אין מיר האָט עס מיך אָנגערעדט צו מאכן אים פאר א פּראָ־זעליט פון מיינע אפיקורסישע געדאנקען, און איך האָב זיך אליין דערמיט פאררעטן, — ווי די מעשה זאָל אויך געווען זיין, נאָר פּלוצ־לונג האָט זיך אראָפּגעלאָזט איבער מיין קאָפּ א קאטאסטראָפע, ווי א דונער־און־בליץ־שטורעם פון א לויטערן וואָלקנלאָזן הימל.

איין מוצאי־שבת שפּעטלעך ביינאכט, ווען קיינער, חוץ מיר, איז אין דער היים ניט געווען, און איך בין געווען שטארק פארטיפט אין איינעם פון די העכסט אינטערעסאנטע קאפּיטלען פונ׳ם „עיט צבוע", איז מיין באבע,—וואָס זי האָט געצאָלט פאר מיר שכר־למוד פון מיין עלפטן יאָר אָן, אין דער האָפנונג צו מאכן פון מיר א פרומען רב און

דורכדעם זוכה זיין צו א שטול אין גן־עדן, — איז מיין באבע ווי א שטורעם־ווינט אריינגעפלויגן פון דרויסן, צוגעלאָפן צו מיר און גע־נומען מיר איינטיילן שטארקע סטוסאקעס מיט אירע ביינערדיקע קולאקעס און באשיטן מיך מיט קללות און חרמות, צולייגנדיק דערביי: „אָט דאָס איז דיר פאר לערנען ספארבע מיט ביר פון די בערלינער פיקארסים! אָט דאָס איז דיר פאר לערנען דעם טרייף־פסול פון . . . פון דיר זאָל איך אזוי וויסן, רבונו של עולם! ווי איך ווייס ווו ער הייסט דאָרטן . . . דעם . . . „דיבעק", צי „דידעק" פון איינעם א שמאדאלניק, וואָס האָט געהאט א גויע פאר א ווייב . . . גיי, הער, וואָס דיין רבי האָט מיר אָנגעדערציילט אויף דיר, ימח־שמו'ניק! ער איז דאָך תמיד געווען גאָר דיין כפרה, האָט געהאלטן פון דיר אן אוילעמלאָי, פלעגט מיר כסדר זאָגן, אז גאָר אין גיכן ועסטו שוין מעגן שאלות פסק'ענען, און צום סוף . . . וויי איז מיר און ווינד איז מיר! . . . פארוואָס קומט עס מיר, גאָטעניו?! צום סוף, זאָגט ער, ביסטו גאָר ארוים לי . . . ספארבערא!*) — אויסגערונען, אויסגע־שוואומען וואָלסטו בעסער געוואָרן פון דיין מאמע'ס בויך איידער דו ביסט גאָר געבוירן געוואָרן צו פארשווארצן מיר דאָס פנים אויף דער עלטער! בעסער וואָלסטו געווען אָנגעלייגט מיט'ן קאָפּ איידער דיין טאטע מיט דער פאטלע האָט דיך געבראכט צו מיר איך זאָל פאר דיר דאָ שכר־למוד צאָלן! — ארויס פון דאנען! דיין דוך זאָל זיך דאָ מער ניט געפינען! איך וויל דיך, משומד, מער ניט קענען: צו דיין טאטע־מאמע צוריק אין דאָרף אריין גיי! איך וויל מער אויף דיין טרייפענעם „פארצער" ניט קוקן!"

נאָך אָט דעם שרעקלעכן שטורעם איז געקומען . . . א רעגן. די אומגליקלעכע באבע מיינע, אנטוישט אין איר האָפענונג צו האָבן אן איניקל א רב, אין גרויס פארצווייפלונג ביים געדאנק, אז איר

*) לתרבות רעה.

גאנצע פּראצע איז געווען אומזיסט, אז קיין שטול אין גן־עדן וועט זי שוין אין מיין זכות זיכער ניט האָבן, — האָט זיך, אַן אויסגעמאַטער־טע, אַן איינגעהויקערטע, אוועקגעזעצט אויף אַ ביינקל ביים טיש און, אונטערשפּארענדיק איר קאָפּ מיט ביידע הענט, זיך ביטערלעך, הארצרייסענדיק צעוויינט, אָנפאנגס שטיל און נאכהער הויך און העכ־ער, איבעררייסנדיק פון צייט צו צייט איר שלוכצן אָט מיט אַ שטילן מורמלען פון עפּעס פאר מיר אַן אומפארשטענדלעכער תפילה, און אָט מיט א ווילדן אויסגעשריי פון עפּעס א נייער אימפּראָוויזירטער קללה.
א טיפער געפיל פון רחמנות צו דער אומגליקלעכער באבע האָט גע־נומען רייסן מיין הארץ אויף שטיקער, אָבער יעדעס מאָל, וואָס איך האָב געפּרובירט צוגיין צו איר און זאָגן איר עפּעס, ניט ווייסנדיק נאָך אליין וואָס, האָט זי מיך מיט אירע ביינערדיקע הענט אָפּגעשטויסן פון זיך מיט אזא אימפּעט, מיט אזא קראַפט, אז איך בין א פּאָר מאָל אומגעפאלן. איז פאר מיר דאן, פארשטייט זיך, מער גאָרניט געבליבן צו טאָן, ווי—ארויפקריכן אויפ'ן אויוון און זיך לייגן שלאָפן.

---

אין צוויי וואָכן ארום נאָך מיין „נתגלה ווערן", דאָס הייסט, נאָך יענעם שטורעמדיקן אומפארגעסלעכן מוצאי־שבת, האָב איך, א פערצן־און־א האלב־יאָריקער בחורל, א בן־יחיד ביי מיינע אָרעמע טאטע־מאמע, וואָס זיי האָבן געוואוינט ביי א הונדערט ווייאָרסט פון דעם דאָזיקן שטעטל, ערגעץ אין א פארוואָרפענעם דאָרף אין אן אנדער גובערניע, אויפ'ן לינקן ברעג פונ'ם דניעפּר, — האָב איך, אין מיין באבע'ס אבוועזנהייט (זי האָט געהאנדלט מיט געזאלצענע פישן און איז געווען ערגעץ אויף א יאריד) געמאכט א קלומיקל פון מיינע תפילין מיט עטלאכע העברעאישע ספרים'לעך און קירפּיטשניקאָוו'ס גראמאטיקע, און בין אוועק, אביסל צופוס, און מערסטנס אויף איבער־געכאפּטע גויאישע פורלאך, צו מיינע עלטערן אהיים.

.3

מיין טאטע, ווייט פון צו זיין א פרומער איד, א מענטש מיט א וועלטלעכן קוק אויפ'ן לעבן, אָבער אן וועלכע עס איז מיטלען צו געבן מיר א וועלטלעכע בילדונג, האָט מיר געגעבן די פולע פרייהייט צו לערנען און לייענען וואָס און וויפיל איך וויל. די מאמע מיינע, דווקא זער א פרומע אידענע, האָט אָבער געהאט גרויס אמונה אין איר בן־יחידל, און זעענדיק מיט וואָס פאר א התמדה און ברען איך האָב זיך גענומען לערנען און לייענען דינע גויאישע ביכלעך בייטאָג און דיקע אידישע ספרים ביינאכט, האָט אויך זי מיר אין גאָרניט ניט געשטערט און נאָר גאָט געבעטן פאר מיין געזונט, און ניט נאָר איז זי יוצא געווען מיט גאָט בעטן פאר מיין געזונט, נאָר זי אליין האָט זיך טאקי גלייך גענומען צו דער זייער וויכטיקער ארבעט פון . . . ברייינגען מיין געזונט צו א בעסערן צושטאנד ווי יענער, אין וועלכן איך האָב עס פון דער באבע אהיים געבראכט . . .

ביים דאָרף לערער האָב איך געקראָגן אן אריפמעטיקע, א געאָגראפיע און א פּאָר כרעסטאמאטיעס, און אין דערבייאיקן שטעטל (וואו איך בין טאקי, אין 1863, געבוירן געוואָרן און פונ'ם פינפטן ביז'ן עלפטן יאָר פון מיין לעבן אין חדר געגאנגען), ביי א וויטן קרוב, א שוחט, האָב איך געפונען און געקראָגן דעם . . . מורה נבוכים, כוזרי, עקדה, חובת הלבבות און אויך אברבנאל'ס פירוש אויף יחזקאל און דניאל, און ביים רב'ס זון—אלטע נומערן „המליץ" און „הצפירה", איינגעבונדענע, גאנצע צוויי יאָר (אן אמת'ער „אוצר" פאר אזא בחורל ווי איך בין דאן געווען).

צו זעכצן יאָר האָב איך גע'פועל'ט ביים טאטן מיר זאָלן זיך אריבערציען אין שטעטל, און אין גיכן האָב איך זיך דאָרט באקענט מיט אן אלטן אויסגעדינטן גענעראל, און ער—א ליכטיקן גן־עדן זאָל

ער האָבן!—האָט מיך ארייננעפירט אין זיין ביבליאָטעק (אזא וואונ־דערבארן אוצר, אזא גוואלדיק־גרויסע קאָלעקציע פון ביכער און זשורנאלן האָב איך ביז דעמאָלט נאָך אין ערגעץ ניט געזעען), פון וואנען איך פלעג אָפט, אונטער זיין דערפארענער פּאָטערלעכער לייטונג, נעמען אהיים צום לעזן אזויפיל בענד, וויפיל איך האָב נאָר פארטראָגן געקאָנט: פריער די ווערק פון טורגעניעוו, גאגאל, דאָס־טאָיעווסקי, טאָלסטאָי, פושקין און לערמאנטאָוו; שפּעטער: בעלינסקי, טשערנישעווסקי, דאָבראָליובאָוו, פּיסארעוו און מיכאילאָווסקי, און נאָך שפּעטער—די מאָנאטלעכע זשורנאלן: „וויעסטניק יעוורעפּי“, „סאווערעמעניק“, „אטיעטשעסטווענייע זאפּיסקי“ און „רוסקאיע באָגאטסטוואָ“.

---

צו זיבעצן יאָר האָב איך אָנגעהויבן געבן אין שטעטל רוסישע און אידישע „אוראקן“, ארויסהעלפנדיק טאטע־מאמע מיט א פּאָר רובל א וואָך. און ביי אכטצן יאָר האָט מיך א רייכער קרוב פון אונזער אויעזדנער שטאָדט גענומען פאר לערער צו זיך אין הויז, און פון דאָרטן האָט מיך א „פּאסעסאָר“ „צוגענומען“ („געקידנעפּט“, הייסט עס אויף אמעריקאנישן אידיש—מיט מיין צושטימונג, זעלבסט פארשטענדלעך) פאר'ן נעקסטן זמן צו זיך אויף דער „פּאסעסיע“.

און אָט אזוי בין איך ביז'ן דרייסיקסטן יאָר פון מיין לעבן געווען לערער אין פארשיידענע שטעט און שטעטלעך פון אוקראיינע, וואו איך האָב כסדר געזוכט און געפונען די געלעגנהייט צו לייענען די בעסטע פון יענער עפּאָכע שאפונגען אין די מיר צוגענגלעכע שפּראכן: העברעאיש, אידיש און רוסיש. און דאָ מוז איך זיך מודה זיין, אז וואָס אנבעלאנגט דער פּאָעזי פון יענער צייט, האָבן די גרעסטע ליריקער, ווי נאדסאן און אפילו דער געניאלער מיכה יוסף לעבענזאָן,

קיין טיפן רושם אויף מיר ניט געמאכט. בעת יהודה ליב גאָרדאָן, יה״לל און, הויפּטזעכלעך, נעקראַסאָוו מיט זייערע סאָציאַלע און סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערע לידער פלעגן מיך שטענדיק באַהערשן און ביז די טיפסטע טיפענישן פון מיין נשמה דערשיטערן, און ביז צום היינטיקן טאָג נאָך געפין איך זיך אונטער זייער גרויסן, מעכטיקן איינפלוס.

יאָ! פון אַלע דיכטער פון יענער עפּאָכע וואָס איך האָב אין מיין לעבן געלעזן, זענען מיינע באַליבטסטע געווען און פאַרבליבן: י. ל. גאָרדאָן און נעקראַסאָוו.

דערמאָנענדיק נעקראַסאָוו׳ן, האָבן פּלוצלונג, צו פאַרדאַנקען דער אַסאָציאַציע פון געדאַנקען, פון ערגעץ א ווייטן, טיפן ווינקל פון מיין שוין שוואַכן זכרון, אויפגעטויכט עטלאַכע פערזן פון אָט דעם געניאַלן פאָלקס־דיכטער, פון וועלכע איך וועל דאָ פּרובירן געבן א פרייע איבערזעצונג:

אונזער שטאָט־זייגער חצות האָט געשלאָגן;
אָבער ס׳ווילט זיך ניט שלאָפן . . . וואָס טוט מען? —
לאָמיר ווינטשן א גוטע־נאַכט יענעם,
וואָס ער ליידט אַלע יסורים פון גיהנום
אויף דער וועלט אין נאָמען פון קריסטוס;
ווען ס׳ברוגז׳ע אויגן פאַרגיסן ניט קיין טרערן,
ווען ס׳מויל, א פאַרשטומטס, לאָזט קיין מורמל ניט הערן,
ווען ס׳הענט, די פאַרגרעבטע, נאָר שאַפן און שאַפן,
מיט דרך־ארץ פאַר אונז איבערלאָזנדיק —
זיך פאַרטיפן אין חכמות, אין קונסטן,
פאַנטאַזירן פון לוקסוס און שיינקייט,
און זיך נאָכגעבן אַלערליי תאוות.

.4

קיין אמעריקע בין איך, שוין א מטופל מיט א ווייב און פיר קינדערלעך, געקומען אין יאָר 1893.

עס איז געווען דאָס לעצטע יאָר פון פּרעזידענט קליוולאַנד'ס אדמיניסטראַציע. אין לאנד האָט געהערשט א מורא'דיקער קריזיס. אָן א מלאכה אין האנט און ניט טויגנדיק צו קיין מסחר (פעדלערייי בלע"ז), האָב איך אָנגעשריבן עפּעס א לידל און אוועקגעשיקט אין ניו־יאָרקער „אידישע גאזעטן", און געבעטן די רעדאקציע צו געבן מיר אלס האָנאָראר, אן אנאָנסע אין דער צייטונג וועגן דעם אָנקומען פון רוסלאנד קיין אמעריקע פון דעם (אזוי האָבן מיינע שוין „אויסגע־גרינטע" קרובים געראָטן מיך צו שרייבן) „בארימטן רוסיש־אידיש־העברעאישן לערער און פּעדאגאָג", און אזוי ווייטער, און אזוי ווייטער.

דאָס לידל און די אנאָנסע זענען ערשינען, און אין א פּאָר וואָכן ארום זענען ארויפגעקומען אין מיין „וואוינונג" (אן ענג, פינצטער דאך־צימערל אויף א דריטן שטאָק) וואו איך בין געזעסן ביי א צע־בראָכענעם, מיט שטריקלעך צוזאמענגעבונדענעם טיש און געשריבן עפּעס אן ארטיקעל, צי א לידל פאר דער פילאדעלפיער „אידישער פּרעסע", צוויי באבערדלטע אידן מיט הויכע צילינדער היט, האָבן זיך פאָרגעשטעלט אלס „קאָמיטעט" פון א קהילה ערגעץ אין א קאָונטרי שטעטל, דערלאנגט מיר דעם נומער „גאזעטן" מיט מיין לידל און אנאָנסע און מיך איינגעלאדן צו קומען צו זיי אין שטעטל, וואו די פארוואלטונג פון דער דאָרטיקער תלמוד־תורה וויל זיך מיט

מיר דורכשמועסן און וועט מיך, האָפנטלעך, אנגאזשירן אלס לערער פאר'ן קומענדיקן ווינטער סעזאָן (דאָס האָט פאסירט „בין כסא לעשור“, אויב איך מאך קיין טעות ניט). איך האָב די איינלאדונג, נאטירלעך, אָנגענומען, געפאָרן אהין, געפעלן געוואָרן און ... מגולגל געוואָרן אין א „מלמד“ פון א אידיש-אמעריקאנישער פראָווינציעלער תלמוד-תורה מיט א געהאלט פון ... אכט דאלער א וואָך.

אמת, די שטעלע האָט געדויערט „פון אסתר תענית ביז פורים“: די פארוואלטונג, ווי עס האָט זיך שפּעטער ארויסגעוויזן, איז באַשטאנען פון ... אלע מיטגלידער פון דער קהילה — ליטוואקעס, פּוילישע, רומענישע, גאליציאנער, אונגארישע און אוקראַיינישע אידן, און יעדער „באלעבאָס“ האָט געוואָלט איך זאָל לערנען מיט זיין קינד, ווי מע לערנט דאָרט אין דער אלטער היים; חוץ דעם, האָבן אלע געפאָדערט, איך זאָל פרייטאג-צו-נאכטס און שבת אין דער פרי קומען אין שול דאוונען און אכטונג געבן, אז די תלמידים מיינע זאָלן ענטפערן „ברוך הוא וברוך שמו—אמן“. איך אָבער האָב זיך קאטעגאָריש אנטזאגט נאָכצוקומען ביידע פאָדערונגען, און צום סוף פון ערשטן חודש האָב איך פארקירעוועט דעם דישעל צוריק קיין פילאדעלפיא.

אין דער „פּראָפעסיע“ אָבער בין איך דאָ פארבליבן ביז 1897, דורכגייענדיק אלע שבעה מדורי גיהנום; ווייל ניט נאָר האָב איך זיך ניט געקאָנט מאסקירן ווי אנדערע לערער, נאָר איך האָב אויך שטענדיק פריי און אָפן, מיט מויל און שריפט, אויסגעדריקט מיינע אנטי-רעליגיעזע און סאָציאלע אנשויאונגען.

.5

פון 1897 ביז 1901 האָב איך געארבעט (און זעהר שווער גע־ארבעט) אין איינעם פון די גרעסטע הורטאָווע אפטייק־געשעפטן אין פילאדעלפיע.

דאָ בין איך צום ערשטן מאָל געקומען אין דירעקטן קאָנטאקט מיט דער „ריינער", הונדערט פראָצענטיקער אמעריקאנישער באפעל־קערונג און געהאט די געלעגענהייט צו בעאָבאכטן און שטודירן דעם לעבנס שטייגער און די פסיכאָלאָגיע סיי פון דעם נידעריקן, פּראָסטן אמעריקאנעם האָרעפּאשניק, סיי פון דעם העכערן, אינטעליגענטישן, אזוי גערופענעם וויים־קאלנערדיקן אָנגעשטעלטן. מיט איינינקע פון זיי בין איך געוואָרן גאנץ נאָענט באפריינדעט, און האָב זיך ניט געקאָנט איינהאלטן פון צו פּראָפּאגאנדירן צווישן זיי מיינע פרייהייטלעכע אידעען, אמאָל מינדלעך, און אָפטמאָל דורך לייכטע פלוג־בלעטלעך און בראָשורן. מיין מי, האָט זיך מיר געדוכט, איז ניט געווען אומזיסט און איך האָב זיך, נאטירלעך, געפילט גליקלעך, ביז . . . ביז עפּעס א משוגע'נער פּאָליאק האָט אויף טויט דערשאָסן דעם פּרעזידענט, דעם הויפּט פון אונזער רעפּובליק.

אונזער מדינה האָט זיך מיט אמאָל פארוואנדלט אין אן אמת'ן גיהנום, אין אן איינפאכן משוגעים־הויז: מע האָט זיך גענומען פאר־פאָלגן און ארעסטירן יעדן, אויף וועמען עס איז נאָר געפאלן א מינד־סטער פארדאכט אין אומלאָיאליטעט צו דער רעגירונג אָדער מים־אכטונג צו דער אמעריקאנער פאָן. מע האָט תיכף געשאפן דראַס־טישע, ווילדע, זינלאָזע געזעצן געגן אנארכיסטן און סתם ראדיקאלן, און זיי גלייך גענומען אומ'ברחמנות'דיק דורכפירן.

איך, כאָטש דאן שוין אן אמעריקאנער בירגער, האָב זיך אינ'ם פלאץ פון מיין באשעפטיגונג פלוצלונג דערפילט ארומגערינגלט פון

טויטלעכע שונאים; פון אלע זייטן האָט מען גענומען וואַרפן אויף מיר בליקן, פול מיט פאַראַכטונג און גיפטיקן האַס, און איין פרימאָרגן, ווען איך בין געקומען צו דער אַרבעט, האָב איך געפונען מיינע אַר־בעטס־הויזן צעשניטן אויף שטיקלעך און די אַרבעט־שיך צוגענעגלט צו דער פאָדלאָגע. ווען איך האָב זיך, מיטאָג־צייט, באַקלאָגט צום הויפּט פאַרוואַלטער, אַן ענגלענדער, אַ העכסט אינטעליגענטער מאַן און מיינער אַ פאַרזענלעכער פריינט, האָט ער מיר געזאָגט: „עס טוט מיר זעהר לייד, מיין ליבער פריינט אָסקאַר, אָבער העלפן קאָן איך דאָ גאָרניט: דער עולם איז משוגע און מען קאָן מיט אים גאָרניט מאַכן. איך וואָלט דיר, דערפאַר, געראָטן זאָלסט בעסער תיכף רע־זיגנירן".

אָט יענע פיר יאָר, פון 1897 ביז 1901, זענען געווען די שטורעם און דראַנג פּעריאָדע פון מיין לעבן, וועלכע האָט זיך אויסגעדריקט און פאַרקערפּערט אין מיינע ערשטע עטלעכע לידער, פון וועלכע דאָס לעצטע, „ווען איך זאָל באַזיצן", איז דערשינען אין גיכן נאָכ׳ן „מאַרטירער־טויט" פון אונזער „גרויסן פּראָספּעריטי פּרעזידענט".

---

פון 1901 ביז 1904 האָב איך „געאַרבעט" אַלס קאָלעקטאָר פאַר אַ לעבנס־פאַרזיכערונג קאָמפּאַניע.

אויף דעם דאָזיקן געביט פון מענטשלעכער טעטיקייט האָב איך זיך אַרויסגעוויזן—ניין, טאַקי אויסגעצייכנט—אַלס אַ ... פאָלשטענ־דיקער „לא־יוצלח". איך האָב בשום אופן ניט געקאָנט ביי זיך פּועל׳ן איינצורײדן אַן אָרעמען אַרבעטער ער זאָל צאָלן פינף און צוואַנציק סענט אַ וואָך מער פאַר אַן „עקסטרע אינשורענס פּאָליסי", אום ער זאָל קריגן אַ „לייטישערע" לויה: אַ „בעסערן און שענערן" אָרון מיט אַ

„סך“ בלומען און א „וואזשנעם“ אל מלא רחמים . . . און אלס רע־זולטאט פון מיין „אומפראָדוקטיוויטעט“ האָב איך אויך פון דער דאָ־זיקער שטעלע געמוזט רעזיגנירן.

פון 1904 ביז 1926 איז מיין לעבן געווען „געווידמעט“ דער אגענטור פון „נכסים דלא ניידי“, אומבאוועגלעך אייגענטום, — אלס פארקויפער און פארוואלטער פון „ריעל עסטייט“ הייסט עס — אָן ערליכע, ווי איך האָב פון אָנהויב געגלויבט, באשעפטיקונג, וואו דו פארקויפסט ניט קיין „עולם הבא“, קיין „דבר שלא בא לעולם“, א זאך, וואָס איז נאָך אויף דער וועלט ניטאָ:—פארקויפסט דאָך גרונט, א געביידע, וואָס זי באשטייט פון האָלץ, ציגל, שטיינער, אלץ ממשות־דיקע זאכן. און דאָ האָט זיך נאָך אריינגעמישט דער יצר הרע — ניט דער אידעאליסטישער, נאָר טאקי דער אמת'דיקער, דער געלט־יצר הרע—און האָט געגומען איינ'טענה'נען און קנעלן מיט מיר: „ווי לאנג וועסטו פארבלייבן א בטלן, א לא־יוצלח? תא חזי: גיי, זע, וויפל אידן, וואָס אייניקע פון זיי האָבן זיך קוים אויסגעלערנט חתמ'ענען, זענען רייך געוואָרן פון „ריעל עסטייט“, און לעבן מיט זייערע ווייבער און קינדער אין וואוילטאָג און לוקסוס, אין דער צייט וואָס דו, „א מענטש מיט א פען“, א גאנצער „געבילדעטער“, מאטערסט זיך מיט ווייב און קינדער און מאכסט קוים, קוים אן אָרים, מיזעראבל לעבן“.

נו, נו . . . האָב איך געפאָלקט דעם יצר־הרע, זיך אָנגענומען מיט חשק און באשלאָסן: יהי מה! זאָל זיין וואָס עס וועט זיין! איך מוז אויך רייך ווערן.

אָבער . . . וואָס קומט ארויס פונ'ם חשק, אז עס איז . . . קיין שכל ניטאָ? — חוץ דעם זע איך ערשט איצט אַיין די גאנצע לעבער־לעבקייט פון מיין דעמאלדיקן באשלוס. און טאקי: בסך הכל שטאם

איך אָפּ פונ'ם שבט לייווי, והא ראיה: אלע מענער פון מיין משפחה, און אפילו איך אויך נאָך מיין בר־מצוה, פלעגן אויפגיסן וואסער אויף די הענט פון די כוהנים בעת זיי האָבן אין שול גע־דארפט עולה לדוכן זיין צו בענטשן דאָס פאָלק ישראל. און די לוויים —ווער ווייסט עס דען ניט? — האָט דאָך יעקב אבינו אליין, פאר זיין טויט, באשטימט צו פארזאָרגן דאָס גאנצע אידישע פאָלק מיט מלמדים און חזנים.*)

און . . . ווירקלעך: זעט מען דען ניט באשיינפערלאך, ווי די השגחה עליונה פירט מיך כסדר אויף דעם פון איר אליין פאר מיר אָנגעצייכענטן וועג—פון 1880 ביז 1897 אלס . . . מלמד, און פון דאן ביז איצט . . . אלס משורר, אויב ניט אינ'ם אור־אלטן זין פון א „זינגער ביי דער הייליקער עבודה אין בית־המקדש"—ניט מיר האָבן איצט א בית־המקדש, ניט איך האָב ווען עס איז געהאט א „שטימע"— איז אין דעם מאָדערנעם זין פונ'ם וואָרט „משורר": א דיכטער, א גראמען־פלעכטער, און אויב ניט אין דער הייליקער שפראך פון דער תורה און די נביאים, איז אין דעם וואָכעדיקן, פּראָסטן לשון פון דער גרעסטער טייל פון אונזער, אויף דער גארער וועלט צעזייטן און צע־שפּרייטן, פאָלק?

אלזאָ, ווי איך האָב שוין פריער געזאָגט, איצט זע איך איין די גאנצע לעכערלעכקייט פון יענעם באשלוס מיינעם—רייך צו ווערן. דעמאָלט אָבער האָב איך זיך פעסט באשלאָסן . . . זיך האלטן שטאָל און אייזן אָן יענעם באשלוס.

נו, האָב איך דאָס ערשטע יאָר „געארבעט" זעהר שווער. ארומ־געלאָפן טאָג און נאכט צווישן באקענטע, פריינט און, הויפּטזעכלעך,

*) מדרש בראשית רבה, באַזירט אויפ'ן פסוק: אחלקם ביעקב ואפיצם בישראל (בראשית מ"ט, 7)

ק ר ו ב י ם, איינרייידנדיק זיי ביז צום הייזעריק ווערן זיי זאָלן שוין אויפהערן זיין „שכנים“ ביי יענעם, נאָר דערשלאָגן זיך צו אן „אייגן ווינקעלע“. און אייניקע פון זיי, איבערהויפט די ק ר ו ב י ם, האָבן מיך טאקי געפּאַלקט: געגאנגען מיט מיר אָנקוקן הייזער און הייזקעס, און טאקי די זעלבע הייזער און הייזקעס געקויפט, אָבער—ניט דורך מיר . . . גאנץ איינפאך: נאָכדעם ווי די הייזער זענען זיי געפעלן געוואָרן, האָבן זיי (נאָכאמאָל טאקי: הויפּטזעכלעך, די קרובים), מיט א פּאָר טעג שפּעטער—געשיקט אנדערע מעקלער, געקויפט די הייזער אויף נעמען פון דער הפטורה און פון יענע מעקלער געקראָגן א העלפט פונ׳ם „קאָמישן“ . . .

אין 1905 האָב איך שוין געהאט אביסל דערפארונג אין מיין „געשעפט“, געמאכט עטלעכע „סיילס“ מיט גאנץ פרעמדע קליענטן (קיין קרובים האָב איך שוין מער ניט געזוכט) איינגעאָרדנט א שטיקל „אָפיס“ אין אן „אייגענער“ הייזקע—ארייננגעלייקט אין איר גאנצע הונדערט און פופציק דאלאר—און שוין „געמאכט א שטיקל לעבן“ אויך. איז דאָך גוט—האָט מיר אָבער גאָט צוגעשיקט אנדערע צרות, אויב ניט פון פרעמדע . . . קליענטן מיין איך, איז פון מיין אייגע־נער . . . מוזע: מיט קיין „סוחרים“ אונטער איין דאך וויל זי ניט לעבן, האָט זי גענומען טענה׳ן צו מיר און—האָט מיך אוועקגעוואָרפן. ערשט צום סוף פון 1907 צוריקגעקומען, אָבער ניט אליין—אין דער באגלייטונג פון . . . קריזיס. מאכט ניט קיין טעות, מיינע חשוב׳ע לייענער—ניט ק ר ע ז ו ס, דער גריכישער ק ו ר ח, נאָר ק ר י ז י ס, א גאנץ נאָענטער קרוב פון אונזער אלעמענ׳ס איצטיקן שלימאזל . . . „פארשטייסט, מיין טייערער—האָט זי צו מיר געזאָגט, ארייננקומענדיק מיט אָט דעם שלעפּער — אזוי לאנג ווי אָט דער חברה־מאן וועט וואוינען מיט אונז, וועלן קיין סוחרים אהער ניט ארייננקומען, און מיר וועלן ווידער לעבן גליקליך צוזאמען“.

פון 1908 ביז 1926 בין איך, אלס „געוועזענער מלמד“, געווען . . . א נישקשה׳דיקער געשעפטסמאן: פארקויפט אמאָל א הייזל, געקראָגן פאר׳ן קליענט א „מאָרטגיידזש“, אליין אָנגעשריבן אלע נויטיקע פאַ־פירן פאר׳ן „צעטלמענט“, און געמאכט א „קאָמישן“. אָבער קויפן און פארקויפן הייזער „מיד ליד“ און „מאכן“ דערביי שווערע טויזנטער פראָפיטן, דאָס—לאָ! דאָס האָט שוין ביי מיר געהייסן „ספעקולאציע“, געשמעקט מיט . . . בלאָף און אנדערע אזעלכע מאָדערנע געשעפטס־מעטאָדן, און דערצו האָב איך לחלוטין ניט געטויקט.

און אז איך האָב זיך, אין 1926, ארומגעזען, אז מ ײ נ ע ג ע־ש ע פ ט ס - מ ע ט אָ ד ן זענען שוין גאָר, גאָר אין גאנצן אויסגע־שפילט, האָב איך זיך פון מיין צוויי-און-צוואנציק-יאָריקן ג ע ש ע פ ט „צוריקגעצויגן“ . . . ניט באנייט אפילו מער מיין האנדלס-פּאטענט (לייסנס), און ניט האָבנדיק אָפּגעשפּאָרט געלט גענוג צו לעבן פונ׳ם פּראָצענט, האָב איך גענומען זוכן א שטעלע און דורך גרויסע זכות־אבות—ריכטיקער: זכות בנים—האָב איך געקראָגן א באשעפטיקונג אלס „באנק-סאָליסיטאָר“.

לויט די באגריפן פון אמעריקאנער געשעפטסלייט איז „סאָליסי־טאָר“ א גאנץ אנשטענדיקע, בכבוד׳ע פרנסה, אָבער ווען מען פרעגט ביי מ י ר די ריכטיקע דעפיניציע פון דעם וואָרט, לויט דער „ארבעט“ וואָס א י ך האָב פאר דער באנק געטאָן, וואָלט איך עס אין אידיש איבערגעזעצט מיט אונזער פאָלקסטימלעך וואָרט „קלעק“ אָדער „פרי־טשעפּע“. מיין עובדה, נעמלעך, איז געווען: ארייַנצוקריגן נייע דע־פּאזיטאָרס פאר דער באנק, ווי אויך (כאָטש דאָס איז ניט געווען צווישן די אינסטרוקציעס, האָט מען זיך אָבער פארלאָזט אויף מיר, אז איך וועל זיין . . . א „מבין דבר מתוך דבר“) מפתח צו זיין, איינ־צורעדן, איבערצורעדן אלטע געשעפטסלייט ארויסצוציען זייערע

קאפּיטאלן פון ערגעץ־וואו און זיי אריבערטראָגן אין אונזער באַנק, דער גרעסטער, און שטארקסטער, און ראַיעלסטער, און צופערלע־סיקסטער, וכו׳, וכו׳, וכו׳.

און אין 1927 האָט מיך באזוכט א שווערע, אַן ערנסטע קראַנק־הייט, און האלט זיך אַן מיר שטאָל און אייזן פון דאמאָלט אָן, און מיין „געשעפטס־קאריערע" האָט זיך אויף אזא מיאוס׳ן פּראָזאאישן אופן אויף אייביק פארענדיקט.

.6

און מיין מוזע... נאָכדעם ווי זי האָט מיר געהאָלפן, אין 1910, איבערזעצן שעללי׳ס פּאָעמא „די מאסקע פון אנארכיע", איז זי ווידער אוועק פון מיר און . . . אזוי ווי אין וואסער אריין. ערשט אין 1914, באלד נאָכדעם ווי די וועלט־מלחמה האָט זיך צעפלאקערט, האָט זי מיך ווידער צוויי מאָל באזוכט, אָבער . . . פלוצלונג האָט מיך א גרוים פאמיליע־אומגליק געטראָפן—דאָס גרעסטע אומגליק פון מיין גאנצן לעבן. האָב איך אַן איר שוין כמעט גאָר אין גאנצן פארגעסן. צייטנוויים נאָר פלעג איך אין די שפּעטע אָוונט שטונדן צונויפזאמלען ארום זיך אונזערע (מיינע און דער מוזע׳ס) קינדערלעך און מיט זיי אביסל פארברייננגען און זיך מיט זיי „אָנטיעשן".

ערשט אין 1922, אומגעבעטענערהייט, אָבער ניט אומדערוואר־טעט, איז מיין מוזע, ניט מער קיין קאפּריזנע, האָבנדיק, ווייזט אוים, מער אָדער ווייניקער שלום געמאכט מיט דער „סוחר׳ישער" וועלט. צו מיר ווידער געקומען, און פון דעמאָלט אָן, מיט קליינע אינטער־וואלן, געמאכט מיר עטלעכע אנגענעמע, ווילקאָמענע וויזיטן יעדעס יאָר, דאָס איצטיקע איינגעשלאָסן.

און איצטער, אויף דער עלטער, האָבן מיר, מיין מוזע און איך, דערלעבט א שטיקל נחת אין אונזערע קינדערלאך.

א גרופּע אינטימע, איבערגעגעבענע פריינט, כמעט אלע די הויפּט באאמטע פונ'ם 1) גרויסן פילאדעלפיער „ברית אחים" פאר־איין; פון דער 2) „היברו ליטעראַטור סאָסייעטי"; פונ'ם 3) פילא־דעלפיער צווייג „אידישע קולטור געזעלשאפט"; פונ'ם 4) צווייג 81 ארבעטער רינג, און 5) „ראדיקאל לייברערי" צווייג ארבעטער רינג, ווי אויך א צאָל איינצעלנע פערזאָנען, מיינע לאנג־יאָריקע פריינט— האָבן זיך לעצטן ווינטער אָרגאניזירט אין א קאָמיסיע מיט'ן צוועק צו ארויסצוגעבן מיינע לידער אין א בוך־פאָרם.

* * *

און איצט, ווען דאָס בוך איז שוין פארטיק, האָב איך דאָס פאר־געניגן און גליק עפנטלעך אויסצודריקן מיין טיפסטע אנערקענונג און העכסטן, הארציקסטן דאנק צום אלעם ערשטן דעם גרויסן „ברית אחים" מיט זיינע העכסטע באאמטע און פאָרשטייער (יחיאל גיט־מאן, פ. מילער און סעקרעטאר סאל. ס. ראָדין) פאר זיין ערש־טער גרויסמוטיקער און גרעסטער פינאנציעלער ביישטייערונג פאר דעם צוועק; צווייטנס, דער „היברו ליטעראטור סאָסייעטי" מיט אירע באאמטע פאר זייער אָרגאניזאציאָנעלער ארבעט און, דריטנס, די אלע אנדערע אָרגאניזאציעס, ווי אויך איינצלנע פערזאָנען, פאר זייערע ערנסטע, פייערלעכע פארשפּרעכונגען צו קריגן וואָס מער אבאָנענטן פאר מיין בוך, און איך האָף, אז זיי אלע וועלן זייערע פארשפּרע־כונגען אזוי שנעל ווי מעגלעך גוט מאכן, כדי וואָס גיכער און שנעלער דערמעגלעכן דעם דערפאָלג פון דער אונטערנעמונג—די פארשפּריי־טונג און פּאָפּולאריזירונג פונ'ם בוך.

מיינע וואַרימסטע, האַרציקסטע דאַנקען קומען אויך דר. מאַקס באַרבאַור, פּרעזידענט, און דר. לעאָן מענאַקער, סעקרעטאַר פון דער קאָמיסיע, פאַר זייער אויפריכטיקער דערמוטיקונג און אומדערמיד־לעכער אַרבעט, וואָס זיי האָבן מיר געשיינקט די גאַנצע צייט.

און צום אַלעם לעצטן („אחרון אחרון חביב")—מיינע טיפסטע דאַנקען צו מיינע חברים און קאָלעגן: דוד טירקעל, דר. מ. נ. ווייסמאַן און משה קאַטץ' פון פילאַדעלפיע; און אייב גאָלדבערג, פון ניו־יאָרק; פאַר זייערע חבר'שע דערמונטערונגען און קאָלעגיאַלע בייטראַגן, וואָס זיי האָבן מיר אַליין, אומגעבעטענערהייט, פרייוויליק אָנגעבאָטן און אין דער ריכטיקער צייט צוגעשיקט.

**עוזר סמאָלענסקין**

פעברואַר, 1933
פילאַדעלפיע.

# הקדמה

## פון אב. גאָלדבערג

אין זיינע במקום־הקדמה נאָטיצן דערציילט אונז דער דיכטער עוזר סמאָלענסקין, אז פון דער פּאָעזי, וואָס ער האָט געלייענט אין זיין יוגענט, ווען דעם מענשנ'ס נאטור איז פלאסטיש און נעמט שנעל אויף איינדרוקן, האָבן די גרויסע ליריקער ווי דער רוסישער דיכטער נאדסאָן, וועלכער האָט געהאט אין זיינע אָדערן אידיש בלוט, און אונזער אייגענער יונגער, צארטער, קאָלירפולער זינגער, מיכה יוסף לעבענסאָן, אויף אים קיין רושם ניט געמאכט, בשעת די סאָציאלע דיכטער ווי יהודה לייב גאָרדאָן, יה'לל, ווער שמועסט נעקראסאָוו, זיי האָבן אים דערשיטערט מיט זייערע סאָציאלע רעוואָלוציאָנערע מאָטיוון ביז צו די גרונד טיפענישן פון זיין נשמה. ווי סמאָלענסקין איז זיך מודה האָט ער פון יענעם מעכטיקן איינפלוס זיך ניט באַ־פרייט ביז אויף דעם היינטיקן טאָג.

מיט דעם פאקט וויל, שיינט, סמאָלענסקין ערקלערן וואָרום זיינע מייסטע לידער געבן זיך אָפּ מיט סאָציאלע מאָטיוון, מיט פּראָטעסטן קעגן אומרעכט און אונטערדריקונג. ער מיינט, אז דאָס שטאמט נאָך פון זיינע יוגענט יאָרן. אפשר יאָ, אפשר ניין, אלענפאלס איז דאָס זיכער ניט די איינציקע דערקלערונג. דעם פאקט קען אָבער קיינער ניט לייקענען, אז דער דיכטער האָט זיינע לידער געווידמעט מייס־טענס צו סאָציאלע טעמעס. זיינע אייגענעליידן און פריידן, זיינע אייגענע אינדיווידועלע איבערלעבונגען געפינען אין זיי בלויז א שוואכן אָפּקלאנג.

און לייענט מען איבער זיינע לידער פון פארשידענע צייטן לאָזט זיך אין זיי באמערקן פילע ענדערונגען, וואָס איז שייך דיקציע, ביל־דער און אפילו ריפמען—דער דיכטער איז געוואקסן אין דעם משך פון די פילע יאָרן—אין איין פרט האָט ער זיך אָבער ניט געענדערט, און דאָס איז אין זיין אויפפאסונג, אז די פּאָעזי, פונקט ווי די ליטע־ראטור בכלל, איז ניט געשאפן געוואָרן בלויז פאר עסטעטישן גענוס און ליבן אונטערהאלט, פאר דער באפרידיגונג פון מענטשנ׳ס גלוסטן, נייערט פאר א העכערן אמביציעזערן ציל, צו העלפן דעם מענטשן אין זיין הויכער שטרעבונג, צו לעבן ווי א גאָט אויף דער ערד, אין אן אטמאָספערע פון גערעכטיקייט, הייליקער פרייד און אמת׳ער ליבע. ער האָט דארום אלע זיינע לידער געווידמעט אָט דעם ציל צו דינען דער מענטשהייט, וואָס ליידעט שווערע יסורים, און צו דער־מונטערן צום קאמף אירע שוואכע און אונטערדריקטע טיילן, וועלכע ווערן עקספּלואטירט פון די שטארקע און מעכטיקע און ווערן אָפט מיט די פיס צעטראָטן איידער זיי האָבן אפילו די מעגלעכקייט זיך ריכטיק אויסצואוויינען, אָדער כאָטש אין דער לופט ארייננצוהויכן זייערע קרעכצן. סמאָלענסקין נעמט אויף זיך אָט די ראָלע, ער וועט עס טאָן פאר די אומגליקלעכע און ליידענדע.

ווען ער איז שטארק אויפגערודערט, ווען די בלוטן קאָכן אין אים און ער איז גרייט אין זיין גייסט זיך צו וואַרפן אויף דער ווילדער טיראניע, און אויף דעם פלינדערגעזינדל מיט געביילטע פויסטן און מיט דער גאנצער קראפט פון זיין כעס, דאמאָלט שעלט ער, נאָר אין דעם שעלטן מערקט זיך א פארדרוס אויף זיין פיזישער אוממעכטיג־קייט, אויף דעם שיקזאל, וואָס האָט זיין טעאָרעטיש בייזן צאָרן און די געדאכטע גהינום׳ישע פלאקערן צונויפגעפּאָרט מיט א שוואכן קערפּער, וואָס צייכנט זיך אויס מיט טיפער באשיידנקייט און מיט

אן אינערער מורא כמעט אויפצוהויבן הויך דאָס קול, א פשיטא שוין צו גיין אין פראָנט פון דער קעמפנדער מחנה. ווארום צארט איז דער דיכטער און ער שלייכט זיך דורך גאַט׳ס וועלט אויף די שפּיץ פינגער, קוים וואָס ער בארירט די ערד, גלייך ווי ער וואָלט געטראָטן אויף סאמעט, און בשעת גיפט פון אומצופרידנהייט ריזלט אין זיינע אָדערן, זעען זיינע אויגן חלומות וועגן א וועלט, פאר וועלכער ער האָט קיין נאָמען ניט, א וועלט א צעשוואומענע, וועמעס קאָנטורן זענען אומקלאָר און מטושטש, אָבער דאָך בענקט זיך נאָך איר, מחמת די פארבן אירע זענען רייצענד און זיי לאָקן איין מיט זייער אוים-טערלישקייט.

סמאָלענסקין וואָלט געוועזן געקענט ווערן א נעקראסאָוו ווען ער וואָלט דאָס פאָלקסטימלעכקייט, וואָס לעבט אין אים, ניט דערשטיקט דורך אינטעליגענטישקייט, וואָס ער האָט אויפגענומען אין זיך פון ביכער, און ווען ער וואָלט זיך ווייניקער גערעכנט מיט דעם נוסח וואָס די פרייהייטס אידייען האָבן אָנגענומען אין די פארשידענע סאָ-ציאליסטישע און אנארכיסטישע פלאטפאָרמס. דאָס איז אויך די סיבה ווארום זיין מוזע פלעגט זיך אָפּט אויף אים אָנ׳ברוגז׳ן, ווי ער דערציילט עס אונז אין זיין ליד „איך און מיין מוזע“. קלאָגט זיך דער דיכטער:

„אַמאָל האָבןביידע מיר ווי טייבעלאָך געלעבט:
געפאַנטאַזירט, געטרוימט, ווי ליבענדע, צוזאַמען!
— — — — — — — — — —
און איצט . . . אוועק ז׳פון מיר דיין שכינה שוין פון לאַנג,
זי גיסט אויף מיר ניט מער דעם שטראָם פון אירע שטראַלן,
און מיט איר איז אוועק דער שטורמדיקער דראַנג,
וואָס פלעגט מיך טובל׳ן אָפּט אין דיכטונג׳ס קלאָרע קוואַלן.“

די מוזע האָט זיך אָפּגעקערט פון איר ליבן דיכטער, ווייל ער האָט זיך צו איר באַנומען ניט ווי צו אַ טייבעלע, וואָס וואָרקעט צניעה'דיג אויס איר טרויער־ליד, נאָר ער האָט פון איר פאַרלאַנגט, לויט אירע כוחות דאָס אוממעגלעכע, אַז זי זאָל שטורמען, אויפרייסן די הימלען מיט איר געשריי. דאָס האָט זי ניט געקענט צוליב טאָן אפילו איר געליבטן, הגם עס האָט ביי אים „געברענט די נשמה אין פלאַמענדיקן צאָרן" און הגם אין זיין מאַרך האָט געברויזט אַ „ים מיט שרעק און טרויער פול געדאַנקען טיפע תהומען".[1]

וואָלט סמאָלענסקין געגאַנגען באמת אין די וועגן פון נעקראַ־סאָוו'ן און געשריבן מיט צאַרטע, ווייכע ווערטער, וואָס דערציילן פון טרערן ניט אויסגעוויינטע, פון קרעכצן דערשטיקטע און פון צער, וואָס גליט אויף דער צונג און קען קוים צו דער ליפּ דערגרייכן, וואָלט זיין ליד גאַנץ אַנדערש געקלונגען און דער רושם וואָלט געווען פיל טיפער.

עס איז אינטערעסאַנט ווי דער דיכטער ווייס אינטואַטיוו ווי ווייט זיינע כוחות גייען און ווען זיין מוזע איז ענלעך. ער דער־ציילט אין די אויבען דערמאַנטע איינפיר־נאָטיצן, אַז פּלוצלונג האָבן פון אַ ווייטן ווינקל פון זיין שוואַכן זכרון אויפגעבליצט עטלעכע פערזן

1) אויב דער לעזער וועט גלייך אויפ'ן אָרט זיך נעמען די מי איבערצולייענען דאָס גאַנצע ליד „איך און מיין מוזע", וואָס האָט זיך אַרויסגעגאָסן פון די טיפסטע טיפעניש פון מיין נשמה אַלס פּראָטעסט, אַלס רעוואָלט געגן מיין דעמאָלטדיקן פאַרלייגנערטן, דריי־יאָריקן שטילשווייגן, וועט ער אַן צווייפל קומען צום שלוס, אַז קאָלעגע גאָלדבערג'ס אורטייל איבער די באַציאונגען צווישן מיר און מיין מוזע איז ניט נאָר ניט באַגרינדעט, נאָר פולשטענדיק אומגערעכט: ער וועט אויסגעפינען, אַז ניט נאָר האָב איך פון איר ניט פאַרלאַנגט דאָס אוממעגלעכע פאַר אירע כוחות צו טאָן, נאָר אדרבה, אַז נאָר זי, מיין מוזע—דאָס הייסט, אייגנטלעך, מיין גייסטיקער „איך" — האָט מיט טיפער ענטריסטונג מיר אין פּנים געשליידערט אַן אומצווייפלהאַפט פאַרדינטן, אומ'ברחמנות'דיק שאַרפן, פּיינלעכן פאַרוואורף פאַר מיין פאַררעטערישן אָפּווייכן פון מיין, פון מיר אַליין פאַר זיך אָנגעצייכנטן, לעבנס־וועג,—דאָס הייסט, וואָס איך האָב זי פאַרלאָזט און זיך איבער־געגעבן דער עבודה־זרה פון געלט־מאַכעריי.

ע. ס.

פון דעם גנעיאלן פֿאָלקס דיכטער נעקראַסאָוו; איך נעם ארויס פון יענעם ליד בלויז א פּאָר שורות:

„ווער עס ברוגז׳ע אויגן פארגיסן ניט קיין טרערן,
ווער עס מויל, אַ פֿאַרשטומטס, לאָזט קיין מורמל ניט הערן."

דער דיכטער נעקראַסאָוו באַזינגט אין יענעם ליד א מענש וואָס ליידט און ליידט אין נאָמען פון אידעאלן, וואָס ווערן אויסגעדריקט אין איין פראזע: ליבע פאר דער ליידנדער מענטשהייט, און ער שטיקט זיך מיט זיין ליידן און פארגיסט ניט א טרער הגם ער איז גרייט מיט זיין בלוט די וועלט אויסצולייזן פון אירע זינד. דאָס ליד לעבט אין זכרון פון אונזער דיכטער ניט אומזיסט, ווייל דאָס איז זיין אייגענע כאראקטעריסטיק און אזוי וואָלט אויך געדארפט זיין זיין דיכטונג.

צו זיין און צו אונזער אלעמענס פארלוסט איז סמאָלענסקין ניט אונטער דעם איינפלוס פון נעקראַסאָוו׳ן ווי ער מיינט, נאָר דוקא אונטער דעם איינפלוס פון ראָזענפעלד׳ן, עדלשטאַט׳ן און באָווּשאָווער׳ן און ער האָט דארום זיך פארנומען אויפ׳ן וועג פון הילכיקן, שרייעדיקן וואָרט, פון אויפדעקן זיינע וואונדן אין דער עפנטלעכקייט, קלאָגן און וויינען אויף דעם קול, וואָס עס פּאַסט זיין שטילער באַשיידענער ליבלעכער, גוטער נאטור לחלוטין ניט.[2]

2) האָט דאָ ניט קאָלעגע גאָלדבערג צומאָל מיט אַ כיוון „אַרויסגענומען בלויז צוויי שורות" פון נעקראַסאָוו׳ס ליד, כדי פריי צו זיין איבערצוגעבן זיין אינהאַלט אַזוי, אַז עס זאָל פאַרשטאַרקן, פאַרפעסטיקן זיין, גאָלדבערג׳ס, טעזיס, אַז איך גיי ניט אין נעקראַסאָוו׳ס וועגן? . . .

ניתי ספר ונחזה! אָט איז דאָס גאַנצע געדיכט ווי עס האָט זיך אויפגעהיט אין מיין זכרון און ווי איך האָב עס אין מיין במקום־הקדמה איבערגעזעצט:

. . . . . . . . . . .

„אונזער שטאָט זייגער חצות האָט געשלאָגן,
אָבער ס'ווילט זיך ניט שלאָפן . . . וואָס טוט מען? —
לאָמיר ווינטשן אַ גוטע נאַכט יענעם,
וואָס ער ליידט אַלע יסורים פון גיהנם
אויף ד ע ר וועלט אין נאָמען פון קריסטוס;
ווען מען'ס ברוגז'ע אויגן פאַרגיסן ניט קיין טרערן,
ווען מען'ס מויל, אַ פאַרשטומטס, לאָזט קיין מורמל ניט הערן,
ווען מען'ס הענט, די פאַרגרעבטע, נאָר שאַפן און שאַפן,
מיט דרד־ארץ פאַר אונז איבערלאָזנדיק —
זיך פאַרטיפן אין חכמות, אין קונסטן,
פאַנטאַזירן פון לוקסוס און שיינקייט,
און זיך נאָכגעבן אַלערליי תאווה'ס."

אַרימער נעקראַסאָוו! עס האָט זיך אים זיכער קיינמאָל ניט גע'חלום'ט אַפילו, אַז אין פיר און פופציק יאָר אַרום נאָך זיין טויט וועט אַ אידישער שריפטשטעלער קומען און דערקלערן, אַז אין דעם דאָזיקן ליד זיינעם „באַזינגט ער אַ מענטשן, וואָס ליידט און ליידט אין נאָמען פון אידעאַלן, וואָס ווערן אויסגעדריקט אין איין פראַזע: ליבע צו דער מענטשהייט, און ער שטיקט זיך מיט זיינע ליידן און פאַרגיסט ניט אַ טרער, הגם ער איז גרייט מיט זיין בלוט די וועלט אויסצולייזן פון אירע זינד". מיט אַנדערע ווערטער הייסט עס: נעקראַסאָוו באַזינגט דאָ אַ וויזיאָנערישן העלד, אַ גילגול פון קריסטוס'ן, — אַ וואונק אויף דער אומזיניקער לערע פון דער קריסטלעכער טעאָלאָגיע, דער צווייטער פאַרקערפּערונג פון דער גאָטהייט אין אַ זון־גאָט, וועמען'ס אומשולדיג פאַרגאָסן בלוט זאָל „ראַטעווען", אויסלייזן די זינדיקע, פאַרברעכערישע וועלט אַ צווייטן מאָל, נאָכדעם ווי די ערשטע אויסלייזונג—האָט געהאָלפן ווי אַ טויטן באַנקעס . . .

האָט אָבער נעקראַסאָוו מזל: די צוויי פון מיר אונטערגעשטראָכענע זאַצן פון דער מאָדנער, זאָנדערבאַרער דערקלערונג — געפינען זיך גאָרניט אינ'ם טעקסט פון דעם ליד, און אויב דעם ערשטן געדאַנק קאָן מען נאָך ווי עס איז אַרויס'פּשט'לען פון די פערזן 4 און 5, איז אָבער אַפילו קיין שמץ פון אַ רמז אין ערגעץ ניטאָ אויף עפּעס אַזעלכעס, וואו מע זאָל קענען דעם לעצטן געדאַנק אַריינטייטשן. די לעצטע זיבן פערזן פונ'ם ליד זענען אַזוי אייזן־שטאַרק, פעלזן־פעסט צוזאַמענגעגאָסן מיט גשמיות'דיקן, ערדישן אינהאַלט, אַז פון זיי קאָן מען שוין בשום אופן קיין רוחניות'דיקס, הימל'שעס, געט־לעכעס ניט אַרויס'כישופ'ן.

אין אמת'ן אָבער נויטיקט זיך גאָרניט דאָס ליד אין קיינע אויסטייטשונגען: עס איז איינפאַך און קלאָר, ממש „ברור כשמש בצהרים".

נעקראַסאָוו באַזינגט דאָ ניט, נייערט ער באַדויערט און באַקלאָגט דעם שיקזאַל פונ'ם רוסישן מוזשיק פון זיין צייט, פון דער לייב־אייגנטום עפּאָכע, וואָס ער פּראַצעוועט און האָרעוועט זיין גאַנץ לעבן מיט ווייב און קינדער פאַר'ן „באַרין", זיין פּריץ, זיין באַלעבאָס, זיין אייגנטימער, ניט באַקלאָגנדיק זיך קיינמאָל אויף קיין זאַך, ניט וואָגנדיק אַפילו אין דער שטיל צו פּראָטעסטירן, און אפשר אַפילו ניט פילנדיק אַז מע דאַרף גאָר פּראָטעסטירן—ער ליידט אַלץ געדולדיק „וואָ אימיאַ כריסטאַ", אין נאָמען פון קריסטוס, הייסט עס—און דער פּריץ לאָזט זיך וואויל גיין, לעבט אַזוי זאָרגלאָז און גליקלעך פון זיין שוויים און בלוט און האָט אַן אַ שיעור פרייע צייט פאַר וויסנשאַפט, קולטור, קונסט און, הויפּטזעכלעך, פאַר . . . שכרות און אויסגעלאַסנקייט.

אָט דאָס איז דער אמת'ער, איינציקער אינהאַלט פונ'ם ליד.

און אויב אַזוי, בין איך, אני הקטן, צו'להכעיס גאָלדבערג'ס באַהויפּטונג, דווקא יאָ, מער אָדער ווייניקער, אונטער נעקראַסאָוו'ס איינפלוס און גיי יאָ אין זיינע וועגן, כאָטש מיט קליינע, פאַמעלעכדיקע טריט. איבעריגנס, שעם איך זיך ניט צו זיין אין דער חבריא פון ראָזנפעלד, עדעלשטאַט און באַוושאָווער אויך. האָבן אויך זיי דאַך, אגב אורחא, געשאַפן זייערע הילכיקע, שרייענדיקע לידער אונטער דעם איינפלוס פון דעם גרויסן רוסישן דיכטער־קעמפער, וועמענס „מוזע איז ניט בלויז געווען אַ מוזע פון טרויער, ער האָט ניט בלויז באַזינגען די ליידן פון די שוואַכע און געדריקטע — זיין מוזע איז געווען דורכגעדרונגען מיט גיפט און גאַל, מיט האַס און צאָרן געגן אַלע שטאַרקע און מאַכטהאָבנדע, געגן אַלץ, וואָס איז פאַלש, פויל און פאַרשימלט". (א. ליטוויןאין אָקטאָבער נו. צוקונפט, 1928).                ע. ס.

וואָס העלפט עס וואָס ער ווינשט זיך:

„ווען איך זאָל באַזיצן אַ נשמה פון בליצן,
אַ שטימע פון דונערן,
ווערטער פון פלאַמען,
און האָבן דעם מוט פון אַ לייב — ?"

ער האָט אָבער ניט אזא נשמה, און ער קען דארום די אָרימע אר־בעטער ניט צוזאמענשמעלצן מיט „פלאמען פון גליענדן האס און ברענענדן צאָרן."[3] דאָס איז ניט זיין זשאנר, ער איז צו צארט פאר דעם. ער קען מיטלייד האָבן, מיטווייטאָגן און אויפנעמען די יסורים פון זיינע מיטמענטשן, ווי זיי וואָלטן געווען זיינע אייגענע יסורים. ער וואָלט געקענט, ווי איך זע דאָס אין פילע פון זיינע פערזן, שרייבן שטילע, באהארציגטע, ווייכע און צארטע לידער, און אין פאָלקסטימלעכן טאָן. ער האָט דעם פארוויגענדן ריטם און די הארציקע אויסדרוקן, וועלכע שאפן אַ ליבע אטמאָספערע, מיט ווייכע קושנס צום אָפּרו פאר אן אויסגעמאטערטן גייסט. ער האָט אן אויג פאר דער נאטור, און וואָלט ער ניט מורא געהאט עובר צו זיין אויף דער עבירה, אז מען טאָר ניט אויף אַ רגע פארגעסן דעם אָרימען ארבעטער, און וואָלט זיך געלאָזן אביסל געניסן, דאמאָלט וואָלט ער אונז געגעבן ווייכע, שטילע, קורצע, אנגענעמע שטימונגס לידלעך. דאמאָלט וואָלטן מיר געהאט מער אזעלכע פערזן ווי די:

---

3) זאָל מיר קאָלעגע גאָלדבערג מוחל זיין, אָבער איך דיינק, אַז דער פאַקט, וואָס אַ דיכטער באַזיצט ניט די פּייאיקייט, אָדער, ריכטיקער, די מעגלעכקייט צו רעאַליזירן זיין דיכטערישן וואונטש פאַר'ן וואוילזיין פון דער ליידנדער אַרבעטנדער טייל פון דער מענטשהייט פון דער גארער וועלט, — אָט דער פאַקט, דיינק איך, איז נאָך ניט קיין גענוגנדע אורזאַכע, וואָרום אַזאַ וואונטש וואָלט גאָר צום אויסדרוק ניט געדאַרפט קומען, כאָטש דער באַצוועקטער רעזולטאט, ווען דערגרייכט, וואָלט זיכער געווען זייער און זייער ווינטשנסווערט.
**ע. ס.**

„די זון האָט געשיינט,
און מיך ווי אַ פריינט
אַן אַלטן באַגריסט:
— — — — — — — —
פאַרטראַכט און פאַרזאָרגט,
צעוואָרפן דאָ און דאָרט
אויף בערגלעך ווי טרעפּ,
די ביימער אַרום
פאַרנייגט האָבן שטום
האַלב־נאַקעטע קעפּ.

די ערד איז שוין גרין
און . . . אַלט כאָטש איך בין,
האָב יונג זיך דערפילט:
אַ כוואַליע פון לוסט
צום לעבן מיין ברוסט
האָט איבערגעפילט.
— — — — — — — —
אַ פאַרבאָרגענע קראַפט
דערוואַכט האָט פון שלאָף.
— — — — — — — —"

די ציטירטע שורות באַווייזן, אַז דער דיכטער האָט עפּעס נעקראַ־סאָוו׳ישעס אין זיך, און טראָץ דעם וואָס ער האָט זיך באַמיט צו באַפרייען פון מיכה לעבענסאָן׳ס איינפלוס, האָט ער זיך דאָך אינ־גאַנצן ניט באַפרייט. דער דיכטער נעמט אייך ביים האַרץ ווען ער בלייבט זיך טריי און באַנוצט זיינע כוחות מיט מאָס. ער האָט אַן אויג וואָס זעט און ער וואָלט אונז געקענט געבן שילדערונגען אויף אַ זייער רעאַליסטישן שטייגער וואָס וואָלטן זיך אַליין געקענט דער־הויבן צו אַ סימבאָלישער הויך. איך וועל נאָר ציטירן אַ פּאָר שטעלן, וועלכע באַווייזן די גרויסע שילדערונגס קראַפט וואָס דער דיכטער פאַרמאָגט, נאָר פון וועלכער ער מאַכט ניט גענוג אָפט דעם נויטיקן געברויך. נעמט צום ביישפּיל זיין ליד „קינסטלער כישוף“:

עס דערציילט אונז דאָרט דער דיכטער ווי ער האָט אין אַ וויג־שטול, האַלב זיצנדיק און האַלב ליגנדיק — זיך צוגעהערט צו דעם פידל שפּילן פון אַ אינגל מיט פאַר׳חלום׳טע אויגן, און ער שילדערט ווי דער פידל שפּילט, און אויך די געפילן וואָס דאָס שפּילן רופט אין אים אַרויס:

אַט בייזערט זיך, ליאַרעמט און פּילדערט דער פידל . . .
און אַט, דוכט מיר, טרויעריק דאַוונט אַ אידל
און פּלאַצט פּלוצלונג אויס אין געוויין . . .
ער בעט, און ער וויינט, און אים שטיקן די טרערן . . .
אַ קול פון פאַרצווייפלונג לאָזט פּלוצלונג זיך הערן,
וואָס קען, דוכט מיר, שפּאַלטן אַ שטיין

און אַט, דוכט מיר, הער איך אַ ליבעם דערקלערונג . . .
עס הערט זיך דאָס קרעכצן פון ליבע פאַרצערונג
אין יעטווידן ציטערנדן טאָן . . .
און . . . פּלוצלונג פון אייפערזוכט ווילדע געשרייען
צעברעכן דאָס האַרץ פון געליבטער אויף צווייען,
דאָס צימער מיט צאָרן פילן אָן.“

דאָס ליד איז לייכט און רירענד, אָבער אפילו אין דעם ליד קען ער נים פארגעסן האס און נקמה, וואָס איז זיין זעלע באמת ווילד פרעמד.[4] דער דיכטער קען זיין שפּילעוודיק, קען שרייבן לייכט,

---

4) אַט דעם פאַרוואורף וואָלט קאָלעגע גאָלדבערג מיר זיכער נים געקאָנט מאַכן, ווען ער . . . זשאַלעוועט נים קיין פּאַפּיר און ציטירט דאָס ליד ביז צום סוף. וועל איך עס דאָ טאָן פאַר אים, און איר, ליבער לעזער, זייט אונזער ריכטער:

„און אַט רופט אין שלאַכט־פעלד אַ מאַרש די סאָלדאַטן: —
אַט הערט זיך דאָס קראַכן פון ביקסן, האַרמאַטן . . .
דער שדים־געלעכטער פון טויט . . .
און אַט הער איך וויינען יתומים, אלמנות,
באַקלאַגנדיק די טויטע און וועקנדיק רחמנות . . .
אַט הער איך דאָס קלאָג־ליד פון נויט.

„אַזוי האָט דער יונג מיט פאַר'חלומ'טע אויגן,
מיט כישוף אַרוים פון זיין פידל און בויגן,
מיט טענער פול צויבערשער מאַכט,
באַהערשט מיך אין גאַנצן, מיין גוף, מיין נשמה,
געוועקט אין מיר מיטלייד און האַס, און נקמה . . .
זיך זעלבסט מיך פאַרגעסן געמאַכט.“

איך פאַרשטייט: אונטער'ן טיפן, אויפטרייסלענדיקן איינדרוק פון פידלער'ס מיליטעריש מאַרש און זיין אימיטאַציע פון ביקסן און קאַנאַנען שיסעריי, האָב איך אין מיין פאַרשטעלונג'ס קראַפט געזען די הונדערטע טויזנטער אויסגעשלאַכטעטע סאָלדאַטן און געהערט זייערע מורא'דיקע גסיסה'דיקע, כארכלדיקע קרעכצן און הימל־שפּאַלטנדיקע אויסגעשרייען, און אויך דאָס האַרצרייסנדיקע וויינען, דעם יאָמער און קלאָגן פון זייערע עלענטע, אויסגעמוטשעטע, הונגערנדע, דאַכלאָזע יתומים און אלמנות און אַלטע הילפלאָזע טאַטע־מאַמע — איז עס דען נים נאַטירלעך, מענטשלעך, איך זאָל האָבן אויסגעדריקט דערביי נים נאָר די אויפגעבראויזטע געפילן פון מיטלייד און רחמנות צו די אַלע צאָללאָזע קרבנות, נאָר אויך פון טיפסטן גרענעצלאָזן האַס און נקמה־דורשט צו יענע, וואָס פאַרורזאַכן אַזעלכע שוידערלעכע שחיטה'ס מיט אַלע זייערע אוממענטשלעכע, אומבאַשרייבלעכע פּלאָגן?!

**ע. ס.**

זאָרגלאָז, נאָר דער אומגליק איז וואָס אין סאַמע מיטן פון זיין זאָרגלאָזיגקייט דערמאָנט ער זיך אָן דעם ארבעטער'ס צרות און ער מיינט, אז ס'איז א גרויסער פארברעכן צו זיין זאָרגלאָז און ער רייסט גלייך איבער דעם שפיל, און ווי א פרומער איד ווען ער דערמאָנט זיך אז ס'איז שוין פינסטער און ער האָט נאָך קיין מנחה ניט געדאַוונט, לויפט דער דיכטער אוועק אין א ווינקל, און נעמט זיך קלאפן אין הארצן: „אשמנו" פאר די זינד, וואָס ער האָט ניט געזינדיגט, הגם זיין דיכטעריש הארץ איז יונג און בענקט נאָך פרייד. איך כאפּ א פּאָר שורות פון זיין „בייז-באָל" צו ווייזן וואָס פאר א גראציעזע פינגער דער מאַן האָט:

„אויף א גרינעם פעלד, א ברייטן,
מיט א פארקן ארומגעצאמט,
שפּילן באָל א צאָל אטלעטן,
איינגעטונקט אין שווייס, פארפלאמט.
שטייט א יונג אין סאַמע מיטן,
אויגן—פייער, מוסקולן—שטאָל:
דרייט דעם קערפּער רונד ארום זיך
אויף איין פוס פון מאָל צו מאָל: . . .

עס איז א לאנג ליד, אינגאנצן עס צו ציטירן וואָלט גענומען פיל פּלאץ, עס איז אויך ניט אין אלע פלעצער גלייך אויסגעהאלטן, דאן דער מוסר השכל פון ליד איז אויך א געצוואונגענער און טוט דער זאך ניט קיין טובה, אָבער דאָס איז ניט וויכטיק אין דעם צוזאמענהאנג. איך רעד דאָ פון די פּאָטענציאלע כוחות פון דיכטער, וועלכע קומען צום אויסדרוק אין דעם ליד אין נאָך א פּאָר שורות:

. . . דריקט זיך א קאמפּאקטע מאסע —
קיין בייז אויג איר — קעפּ אויף קעפּ.
און געמאטערט: ווער—פון לאנגווייל,
ווער—פון הונגער, ווער—פון דורשט,
זופּט מען קאַלטע לימאָנאַדע,
קייט מען זעמל און הייסע וואורשט."

מיט דער שילדערונגס קראַפט וואָלט זיך ניט געדאַרפט שעמען קיין דיכטער און עס ווערט קלאָר דעם קריטיקער, אַז ווען דער דיכטער וואָלט געהאַט דאָס גליק ניט אוועקגעריסן צו ווערן פון זיין גייסטיקער סביבה און אריינגעוואָרפן צו ווערן אין מאַרק'ס טומל, ווען ער וואָלט געווען געהאַט אַרום זיך אַ קרייז פון דיכטער און אַ וואַרימע אינטעלעקטועלע אַטמאָספער, וואָלט ער געווען געקענט דערגרייכן גאָר גרויסע הויכן, ווייל ער האָט אַן אוממיטלבאַר געפיל און אויסדרוקס קראַפט, אמת'ע האַרציגקייט און אַ שאַרף אויג, דורכגעשטריפט פון אַן איידעלער סאַטירע. [5]

מיר נעמען אים אָבער אָן ווי ער איז און מיר דאַנקען אים פאַר דעם וואָס ער האָט אונז געגעבן. מיר געדענקען, אַז דער מענטש איז אַ פּראָדוקט פון זיין מילעע אין וועלכער ער לעבט, פון דעם לאַנד אין וועלכן ער געפינט זיך און פון די הערשנדע אידייען וועלכע רינגלען אים אַרום. דאָס בוך לידער וועלכע די פריינט פון סמאָלענסקין גיבן אַרויס איז אַ שיינער ביישטראָג ניט נאָר צו דער אידישער ליטעראַטור, נאָר אויך צו דער אידישער קולטור געשיכטע, ווייל אין די

5) אין דער דאָזיקער, מיין לעצטער באַמערקונג צו קאָלעגע גאָלדבערג'ס הקדמה, וויל איך אים ערנסט פאַרזיכערן אַז איך, פון מיין זייט, בין, אדרבה, גאַנץ צופרידן מיט מיין שיקזאַל—נאָכמער: איך בין אים זייער דאַנקבאַר—וואָס ער האָט מיך „אַוועקגעריסן פון דער גייסטיקער סביבה", וואָס ער האָט מיך ניט אַרומגערינגלט מיט אַ „קרייז פון דיכטער און אַ וואַרעמער אינטעלעקטועלער אַטמאָספער", נייערט ער האָט מיך „אַריינגעוואָרפן אין מאַרק'ס טומל", וואו איך האָב געהאַט די גרויסע געלעגנהייט אוממיטלבאַר צו באַאָבאַכטן און שטודירן דעם שוידערלעכן גורל פון די דערנידעריקטע און באַליידיקטע, — פון יענע, וואָס זיי פּראָדוצירן אַלע נויטווענדיקייטן פון לעבן ווי אויך אַלע אומנויטיקע פאַרשווענדערישע לוקסוסן, און אַליין זענען זיי זעלטן—ניין, קיינמאָל ניט— פאַרזיכערט מיט גענוג לעבנס-מיטלען פאַר זיך און זייערע ליבסטע און טייערסטע ניט נאָר אין צייטן פון קראַנקהייט און אויף די עלטערע יאָרן, נאָר גאַנץ אָפט אַפילו פאַר'ן מאָרגעדיקן טאָג.

און אַנשטאָט צו שאַפן „שטילע, באַהאַרציקטע, ווייכע און צאַרטע לידער", וואָס מיט זייער „פּאַרוויגנדן ריטם און האַרציקע אויסדרוקן שאַפן זיי אַ ליבע אַטמאָספערע, מיט ווייכע קושנס צום אַפּרו פאַר אַן אויסגעמאַטערטן גייסט" — האָב איך נאָך מיט פיל יאָרן צוריק כמעט ווי אַ נדר געטאָן צו ווידמענען מיינע קליינע, באַגרענעצטע שאַפנדע כוחות אויף צו גיסן ליכט אין די פאַרנעפּלטע מוחות פון די דערשלאָגענע, פון אַלעמען און פון אַלע זייטן עקספּלואַטירטע מאַסן, און צו וועקן זייערע, אין לעטאַרגישן שלאָף פון גלייכגילטיקייט פאַרזונקענע, גייסטער, צו קאַמף און באַפרייאונג.

מעגלעך—ניין, איך בין זיכער—אַז איך האָב מיט מיינע שוואַכע, אומבאַדייטנדע שאַפונגען זייער ווייניק אויפגעטאָן, אָבער מיין געוויסן האָב איך, ווייניקסטנס, באַרואיקט: איך האָב ערלעך און ערנסט געפּרובירט מיין חוב צו באַצאָלן—דעם חוב פון אַ ליידיקגייער צו אַלע יענע פון דער גאָרער וועלט, וואָס מיט זייער שווייס און בלוט שאַפן זיי אַלעס פאַר אַלעמען און אויך פאַר מיר אין כלל.

ע. ס.

לידער שפּיגלען זיך אָפּ די שטרעבונגען און רעגונגען פון דעם ערשטן און צווייטן דור פון דער אידישער אימיגראַציע אין אונזער לאַנד. מען זעט זייער שטאַרקייט און שוואַכקייט, ליכט און שאָטן. אַזעלכע לידער וואַרפן אַ העל ליכט אויף דעם קולטור מצב פון דער צייט און זענען אַמאָל פיל וויכטיקער צו דער באַלייכטונג פון דער עפּאָכע ווי די שווערע ביכער, וואָס ווערן ספּעציעל געשריבן פאַר דעם ציל. און אין איינעם מיט דעם דיכטער בעטן מיר צו זיין גאָט, אַז ער זאָל אים ניט אַוועקוואַרפן „איצטער אויף דער עלטער, ווען דאָס הייסע בלוט פון טאָג צו טאָג ווערט קעלטער", כאָטש אונזער איינדרוק איז, אַז די שאַפונגען פון זיינע לעצטע יאָרן פאַרשעמען בשום אופן ניט די פון זיינע יונגע יאָרן. זיין בלוט איז נאָך גענוג הייס.

מיר געפינען, אַז סמאָלענסקין האָט נאָך גענוג קראַפט און קען נאָך ווי אַמאָל שרייבן פיינע לידער, הגם מיר בעטן אים, ער זאָל אויסמיידן די טענדעציעזע טעמעס און זאָל ער בעסער שרייבן וועלכע לידער אין דעם סטיל פון די ערשטע פערזן פון זיין ליד: „אויפן קראַנקן-בעט", וועלכע איך ציטיר מיט פאַרגעניגן און צער:

„אויב ערגעץ אינ'ם וועלט־אַל איז פאַראַן אַ גאָט
פון חכמה, גוטסקייט, ליבשאַפט, רחמים און גענאַד,
און ער פון לעבן איז דער איינציקער יסוד, —
טאָ גיט מיר, כ'בעט אייך, צו פאַרשטיין
די גרויסע חכמה, טיפן מיין
פון האַלטן אין בעט דיך, איינזאַם, קראַנק,
און מאַטערן דיך חדשים לאַנג
מיט ווייטאָגן אָן שיעור, —

מיט ווייטאָגן און שמאַרצן,
וואָס דרייען צונויף אין דרייען דיך,
דערגרייען דיר צום האַרצן,
און ווילן ניט באַפרייען דיך,
ניט אָפּטרעטן פון דיר."

עס קען דער דיכטער שרייבן לייכט, פריש, לעבעדיק און בילדלעך ווען ער וויל. און וואָרום זאָל ער עס ניט וועלן?

זיינע פילע פריינט ווינטשן אים אריכת ימים און, אז זיינע יוגענטלעכע שאפנדע כוחות זאָלן אים ביז אויף דער לעצטער מינוט ניט פארלאָזן.

## צו מײַנע גײַסטיקע קינדער

לידעלאַך־קינדערלאַך! — פֿויגעלאַך פֿרײַע —
בוימלאַך געפֿלעגטע פֿון הענט פֿון געטרײַע:
קרעפֿטיקע שטאַמען מיט פּרעכטיקע צווײַגן —
צײַט אײַך א ר ו י ס ג י י ן, דער וועלט זיך צו צײַגן.

גייט־זשע און לאָזט אײַ'רע שטימעלאַך הערן!
און . . . אויב ס'וועט ווער פֿון אומפֿרײַנטלאַכע קרײַזן
אויפֿנעמען אײַך דאָרט ווי געסט אומגעווינטשטע,
ווײַל אײַער שליחות איז זיי ניט צום האַרצן,
ווײַל איר פֿאַרשאַפֿט, פֿילײַכט, עמיצן שמאַרצן,
ווײַל זײַער רו, זײַער שלאָף איר טוט שטערן —
לאָזט ניט באַווירקן זיך, ניט אויף דאָס מינדסטע!
גייט אײַער וועג זיך, זעצט פֿאָרט אײַער רײַזע!

מענטשעלאַך זענען, צום אומגליק, פּחדנים,
איצטער נאָך אויך ווי אין אור־אַלטע צײַטן:
שרעקן זיך אָפֿטמאָל פֿאַר גײַסטער פֿון טויטע,
שרעקן זיך נאָך מער פֿאַר סימבאָלן פֿאַר רויטע . . .
ווערן פֿאַרציטערט פֿון ווערטער געוואַגטע,
וואָס עמיץ שליידערט אַמאָל זיי אין פּנים —
מעגלאַך, דאָס בײַטשט זיי ס'געוויסן געפּלאַגטע . . .
עפּעס דאָך מוז זײַער מורא באַטײַטן.

איר אָבער, קינדערלאך, ליבינקע, שיינע,
דארפט זיך פאר גאַרנישט, פאר קיינעם ניט שרעקן.
טראַכט אייער בשורה, די הארציקע, ריינע,
טראַכט זי צו אלע, צו אלע וועלט׳ס עקן:
מזרח, און מערב, און דרום, און צפון,
וואו נאָר, צעזייט און צעשפרייט און צעוואָרפן,
צווישן מאכמעדאנער, און קריסטן, און היידן,
אונדזערע ברידער עס לעבן און ליידן.

אמת: ניט אלע; נאָר דאָ און נאָר דאָרטן
עמיץ וועט האָרכן, וועט צונייגן אן אויער,
עפענען פאר אייך א טיר און א טויער,
און ווי ווילקאָמענע געסט אייך באגריסן,
און זיך מיט אייך, ווי מיט פריינט, אונטערהאלטן;
און פאר די שטארקע, הארמאָנישע קלאנגען, —
קלאנגען פון אלערליי מינים און סאָרטן,
קוואלן פון גייסטיקע ליידן און פריידן,
וואָס פון די ווערטער, פון אייערע, פליסן, —
וועלן זיי פון הארצן פון טיפן אונז ביידן,
אייך און אויך מיך, אייער שעפער, באדאנקען.

* * *

טראַכט־זשע א גרוס זיי פון ברודער פון אלטן!
זאָגט זיי: איך טראָג זיי אין הארצן באהאלטן.

## דער אַרבעטער צום סאָלאָוויי

אָ, געטלאכע זינגערן, ליבלינג אוואָראַ׳ס!
דו רופסט מיך צום יום־טוב פון מוטער־נאַטור:
דו זאָגסט, כ׳זאָל, צוגלייך מיט נגידים און שררה׳ס,
ארויסגיין באוואונדערן מאַי׳ס גרינע פלור.
דו הייסט מיר דעם שאַפּ און די ארבעט פארלאָזן,
און גיין אין וואלד הערן דיין הימלישן שיר,
און גיין אין פעלד שמעקן פיאַלן און ראָזן,
וואָס מישן זייער דופט מיט׳ן לייכטן זעפיר,
און צוהערן זיך צו דעם קוואַל׳ס פּלוידערייען,
און הערן די בלעטלאך זיך סוד׳ן אין וואלד . . .
דו זאָגסט: מיינע קרעפטן וועל איך דאָרט באנייען,
ווי מאַמע־נאַטור, וואָס ווערט קיינמאָל ניט אלט.

אך, ליבענקע פייגעלע! כ׳בעט מיר פארצייען . . .
דיין וואונש צו דערפילן איז ניט אין מיין האַנט:
ווי קאָן איך, ווי קאָן איך די קרעפטן באנייען,
ווען איך בין אין שקלאַפן־יאָך אייביג געשפּאַנט?!
ווי קאָן איך, זאָג, בליקן אויף בליענדע בלומען,
ווען . . . וועה! מיינע קינדער יונג וועלקן אין שאַפּ?!
ווי קאָן איך גאָר הערן פון בינען דאָס זשומען,
ווען פון דער מאַשין אייביג זשומעט אין קאָפּ?!
ווי קאָן איך ארויסגיין אין וואלד און אין פעלד גאָר,
געניסן דעם שיינעם, דעם ליבליכן מאַי,
ווען צייט אויפ׳ן עסן, אויפ׳ן שלאָפן מיר פעלט גאָר,
ווען איך—בין נאָר ארבעטן, ארבעטן פריי?!

אין פעלד, זאָגסטו, שפּריינקלט אַ זילבערנער רעגן . . .
אַך! וואָס, זאָג, וואָס קומט מיר פון רעגן אַרויס?
כאָטש דאָרטן וואַקסט רייכטום, די תבואות, גאָט׳ס זעגן,
די אָרעמקייט, גאָט׳ס קללה, הערשט דאָ אין מיין הויז:
איך אַרבעט, און אַרבעט, און אַרבעט אומענדלאַך,
איך האָב שוין קיין קרעפטן, פאַרמוטשעט מיין לייב,
דאָך הונגער איך אָפט, בין געקליידט אַזוי שענדלאַך,
פאַרוויסט און פאַר׳השכ׳ט די קינדער, דאָס ווייב . . .
ניין! כ׳קאָן ניט, איך קאָן ניט גיין לוסטיק פאַרברייינגען,
איך קאָן ניט געניסן דעם ליבלאַכן מאַי,
אַזוי לאַנג ווי איך מוז ווי אַ פערד זיך פאַרדינגען,
אַזוי לאַנג ווי מיין ווילן, מיין איך איז ניט פריי.

דאָרט מורמעלט דאָס טייכל, דאָרט פלוידערט די קוועלע?
אַך! ווען איך דערזע נאָר אַ קוואַל און אַ טייך,
און זע זייערע כוואַליעס, די קלאָרע, די העלע,
און הער זייער לשון, מיט וועלט-סודות רייך . . .
דערזעען מיט שרעק מיינע גייסטיקע אויגן
די שטראָמען פון טרערן, פון שוויים און פון בלוט
פון אַרבעטער ברידער, וואָס גייען געבויגן,
געשפּאַנט אין דעם יאָך און געפּייניגט פון קנוט . . .
און אין יענע שטראָמען פון בלוט, שוויים און טרערן,
דאָרט באָדן זיך איינציגע לוסטיג און פריי —
יענע, צו וועמען מיר אַלע געהערן:
די ערד און דער אַרבעטער, דו און דער מאַי.

מאַי, 1897

## די אויסשטעלונג

(אין 1898)

אין הויכע, אין לאנגע, אין ברייטע געביידן,
באפוצט מיט אלעען פון בלומען און בוימער,
מיט סטאטויעס פון געטער פון אור-אלטע היידען,
פון מוזעס און גראציעס פון גריכען און רוימער;
באלויכטן פון זונ׳ס בריליאנטענע שטראלן,
וואָס שיינען און פינקלען מיט טויזענטע ליכטער
דורך טויזענטע פענצטער אין ענדלאָזע זאלען,
און שפילן זיך לוסטיג אויף מענשן-געזיכטער—

דאָרט וואנדער איך אום מיט פארוואונדערטע בליקן
פון זאלע צו זאל, צווישן טויזענטע ציילן
פון וואונדער-מאשינען: צו וועבן און שטריקן,
צו האַקן און זעגן, צו קריצן און פיילן,
צו אקערן און זייען, צו שניידן און דרעשן,
צו מאָלן די תבואות, צו פרעסן משקאות,
צו נייען מלבושים, צו וואשן און פרעסן,
צו פירן פאסאזשירן און הויבן משאות.

דאָרט הער איך, פאַרצאַפּלט, די וואונדער מאַשינען,
וואָס לאַכן און וויינען, און זינגען און שפּילן,
ווי זיי וואָלטן האָבן ווי מענשן אַ זינען,
און זיין איבערוועלטיקט פון לעבענס-געפילן;
און הערן די שטימען פאַרצייטיקע פרומע,
ניט זעענדיג פאַר זיך קיין וועזן פון לעבן,
גלייך פאַלן זיי כורעים אין ערענפורכט שטומער
פאַר גייסטער אומזיכטבאַרע, וועלכע דאָרט שוועבן...

כ'זע אוצרות פון שטאָפן פאַר מענטשלאַכן נוצן,
פון היץ און פון קעלט צו באַשיצן די לייבער,
און שטאָפן פון לוקסוס, צו צירן און פוצן,
און רייצנדער מאַכן די שיינקייט פון ווייבער;
און מעבל און שטוב-כלים, קאָסטבאַרע, שיינע,
און הייזער מאָדערנע אין מיניאַטורן,
און לוסטיקע שפּיל-צייג, פול חכמה פאַר קליינע,
און לעבעדיק-פּרעכטיקע מאַרמאָר-פיגורן.

אַלץ, אַלץ, וואָס נאַטור, אונזער מוטער געטרייע,
טוט זאָרגפעלטיק שאַפן פאַר אונז, אירע קינדער;
וואָס געניוס, און אַרבעט, און פאָרשונגען נייע
באַשאַפן אַלץ בעסער, און מער, און געשווינדער,
אום לייכטער און זיסער צו מאַכן דאָס לעבן,
(דאָס לעבן פאַרזיסן איז אייביק געוועזן
די איינציקע האָפנונג, דאָס איינציקע שטרעבן
פון יעטווידן דענקענדן, פילענדן וועזן) — —

אלץ, אלץ האָט די גרויסע, די מעכטיקע אומה,
דאָס פאָלק פון די רייכסטע, די גליקלאכסטע שטאטן,
די קליגסטע פון קלוגע, די פרימסטע פון פרומע,
בארימט מיט באפרייאונגס אומשטערבלאכע טאטן,
געבראכט דאָרט אויף צאָללאָזע אייזערנע פליגל,
אויף פליגל אזוי שנעל, אזוי שטארק, אזוי מעכטיק.
פון שטאָט, און פון דאָרף, און פון טאָל, און פון היגל,
און אויסגעשטעלט וואונדערלאך, קונסטפול און פרעכטיג.

דאָרט וואנדער איך אום מיט פארוואונדערטע בליקן.
אין אָרדענונג אלץ; קיין גערויש, קיין געפילדער . . .
נאָר, אך! אין מיין הארצן קיין שטאָלץ, קיין אנטציקן —
געפילן פון טרויער דערוועקן די בילדער,
געפילן, וואָס זיי לאָזן נאָר דאמאלס צורו מיך,
ווען אלץ ארום מיר איז א פינצטערער קבר,
ווען מאמע־נאטור מיט איר פליגל דעקט צו מיך —
אין שלאָף, ווען איך ריר ניט קיין איינציקן אבר.

איך זע דאָרט נאָר „נאָבעלע" הערן און ליידים,
די מעכטיקע זיילן פון שטאט און רעגירונג,
וואָס זיי שאפן קיין זאך ניט (די הענט זאָגן עדות . . .)
און טראָגן די טייערסטע קליידער און צירונג,
מיט פרישע געזיכטער, מיט באקן ווי ראָזען,
מיט שטראלענדע בליקן, פול האָפנונג און פריידן,
פון פרישע, פון דופטיקע ווינטן, וואָס בלאָזן
אויף זיי פון דעם ערדישן וואהרן גן־עדן.

אָבער וואו, וואו איז ער, דער באַלבאָס דער געבענטשטער,
צו וועמען די דאָזיגע אוצרות געהערן —
דאָס פאָלק, וואָס אליין מיט זיין מאכט אומבאגרענצטער
פארוואנדעלט אין רייכטום די ערד און די ים׳ען?
וואו זיינען די צאָללאָזע ארבעטער־מאסן,
מיט הענט מיט פארגרעבטע, פארוועלקטע געזיכטער,
מיט באקן מיט בלאסע, פון טרערן געוואשן,
מיט פינצטערע בליקן—פארלאָשענע ליכטער?

און ... פלוצלונג דערזע איך א הייצער א יונגן,
וואָס גיט אָפּ די מאשינען זיין אָטעם פון לעבן,
פארגיפטנדיק לאנגזאם אין קעלער די לונגען,
וואו פייכטקייט און עפּוש אומאויפהערלאך שוועבן;
און ער האָט מיט קלוגשאפט פארענטפערט מיין קשיא:
„דאָס פאָלק האָט קיין צייט איצט; מיר ארבעטן, שאפן;
אין לאנד איז—דו ווייסט דאָך—איצט ארבעט א מאסע,
דורך אונזער מארטירער, דעם גרויסן, געשאפן“.*)

„און ... צו וואָס, זאָג, די שטונדן פון רו זיך בארויבן,
אום זען דער אויסשטעלונג׳ס גרויסקייט און שיינקייט?
מיר ווייסן דאָס אַלץ דאָך: מיר לעזן, און גלויבן,
וואָס צייטונגען שרייבן (מיט זעלטענער איינקייט)
פון נאציאָנאלן אומענדלאכן רייכקייט;
מיר לעזן און גלויבן, אז אונזער מדינה,
דאָס גאָלדענע וויגל פון פרייהייט און גלייכקייט,
איז פול מיט׳ן גלאנץ פון דער הימעלשער שכינה ..“

*) פּרעזידענט מעק־קינלי.

# לבני קורח מזמור

.1

א, פאָטער אין הימל! רײַם אױס זײ די צונגען,
אָט זײ, די קבצנים, די ארבעטער־יונגען!
נו, הער נאָר, באַשעפער, אַן עזות אביסל!
בײַ אונז אין די הענט ליגט פון אלעם דער שליסל;
מיר, רײַכע, באַזיצן זאַוואָדען, פאַבריקן,
וואו אלץ ווערט געמאַכט: שטאָל און אײַזן פאר בריקן,
געצײַג און מאַשינען, די וויכטיגסטע זאַכן,
פאר בעלי־מלאכה׳ם פון אלערלײ פאַכן,
און אלעס, וואָס מענשן אין לעבן געברויכן,
סײַ די פון דער נידער, סײַ יענע פון הויכן;
מיר, רײַכע, באַזיצן די וועקסל־געשעפטן,
וואָס אלע וועלט׳ס עקן צוזאַמען באַהעפטן,
און מיר אויך באַזיצן די שיפן און באַנען,
וואָס אלץ טראַנספּאָרטירן אהער און פון דאַנען,
אמאָל אויף קרעדיט, און אמאָל פאר מזומנים.
ווען מיר וואָלטן זײ, אָט די שנאָרער, קבצנים,
אויס מיטלײַד, רחמנות, קײן ארבעט געגעבן,
זײ זאָלן ווי ס׳איז כאָטש דערהאַלטן דאָס לעבן,
וואָלטן זיכער זײ אלע געהונגערט, געשמאַכט . . .
און צום סוף — זענען מיר גאָר פאַרהאַסט און פאַראַכט,
און פאר אונזער ברויט גיט מען אָפּ אונז מיט שטײנער.
אָט קומט א פּאָעט׳ל, נאָר הויט און נאָר בײנער,
און תפלה׳ט אין נאָמען פון אלע דלפנים,
אז . . . דו זאָלסט אונז אָפּמעקן פון דער ערד׳ס פנים. *)

*) מאָריס ראָזענפעלד אין זײַן „תפילה לעני".

## 2

פארשטאָפּ זיי די מיילער, די ארבעטער־מאסן!
זאָג, אדרבה, דו נאר: פארוואָס קומט אונז האסן?—
מיר גיבן זיי יעדע פיר יאָר פרעזידענטן,
(און ווער ס׳האָט נאָר שכל . . . דאן קריגט א פּאָר סענטן)
און רעפּרעזענטאנטן און סענאטאָרן,
און געלערנטע ריכטער, וואָס ווערן באשוואָרן
צו משפּט׳ן שטריינג און באשטראָפן פארברעכער,
(וואָס ליגן באהאלטן בייטאָג אין די לעכער ...);
מיר בויען פאר זיי איבעראל קאזעמאטן,
וואו ס׳ווערן באשטראָפט די פארברעכערשע טאטן;
אונז קאָסטן מיליארדן מיליץ, פּאָליציאנטן,
די ארמיי און די פלאָטע מיט די קאָמענדאנטן,
צו שיצן פון פיינט זיי אין געפערלאכע שטעלן,
און האלטן אין אָרדנונג די היץ־קעפּ, רעבעלן . . .
מיר גרינדן טאָג־טעגלאך פּאָליטישע קלובן,
וואו פאך־פּאָליטישענס באשעפטיגונג האָבן;
מיר גרינדן פאר אָרעמע פון צדקה אנשטאלטן,
וואו פייאיקע לייט קריגן פעטע געהאלטן;
מיר גיבן נאכט־נעכטלאך בריליאנטענע בעלער,
וואו געלט ווערט געזאמעלט אויף גאָלדענע טעלער —
שטיצע פאר טויזענטער אָרעמע לייטע,
וואָס ליידן, נעבאך, נויט אָפט, אין קריטישע צייטן,
און . . . דאָך וואָלטן זיי גערן, איין שיינעם פרימאָרגן—
ווען זיי האָבן נאָר מאכט—אונז צעשטיקט און צעוואָרגן.

## 3

און דער עיקר . . . יאָ! זאָרגן מיר פאר זייער נשמה,
זי זאָל, ריין און געלייטערט, פאר דיר זיין א נחמה:*)
מיר בויען פאר זיי סינאַגאָגן און שולן,
(וואָס ווערן ניט זעלטן באוואכט מיט פאטרולן)
און יעדן איז פריי אהין קומען דיך בעטן,
דו זאָלסט זיין נשמה, די זינדיקע, רעטן
פון שטראָפן פארדינטע אויפ'ן עולם, אויף יענעם:
פון חבוט הקבר, פון גלגול, פון גיהנם.
מיר צאָלן די גייסטלאכע גרויסע געהאלטן,
זיי זאָלן אָפט דרשה'ס און פריידיגטן האלטן,
און לערנען דעם עולם דאָס הייליקע גלויבן
אין אלץ, וואָס פארבאָרגן, וואָס אונטן און אויבן . . .
מיר דרוקן פאר זייערט-וועגן הייליקע ספרים,
וואָס זיי האָבן די סגולה צו טויטן דעם ווארעם
פון צווייפל אין גאָט, אין דעם כוח הכוחות,
דעם שרעקלאכן ווארעם, וואָס טאטשעט די מוחות
פון אונזערע לייכטזיניק-זינדיקע דורות,
וואָס זענען פון יוגנט געניייגט צו עברות.
און . . . דאָך טוען תפילה די הינט, עזי-פנים,
אז דו זאָלסט אונז אָפמעקן פון דער ערד'ס פנים.
ניין . . . הער בעסער אונז, גאָט! ריים אוים זיי די צונגען,
אָט זיי, די קבצנים, די ארבעטער יונגען!

אפריל, 1898

---

*) זע: בראשית ו, 7-6-5.

# וואַלען

וואָרום זענען אלע געסלאך, גאסן
מיט מענטשן־מאסן איבערפילט?
איז היינט א נאציאָנאלער יום־טוב,
און יעדער יום־טוב׳דיק זיך פילט?

וואָס ברענט מען שפּענער, פּעסלאך, קעסטלאך,
געמישט מיט הויפענס אלטן כלאם?
וואָס שפּרינגען קינדער, ווי די ווילדע,
פאנטאסטיש אויסקוקנדיק פון פלאם?

איז אונזער חיל, טריאומפירענד,
אהיים געקומען פון א שלאכט,
און האָט דעם פיינט׳ס ארמיי, געפאנגען
און וואפּענלאָז, מיט זיך געבראכט,

מיר זאָלן קוקן און שטאָלצירן
מיט אונז׳רע העלדן, אונזער זיג,
און זיין געגרייט אויך ווייטער פירן
פאר לאַנד און פאָלק מיט שונאים קריג?

אזוי האָב איך זיך זעלבסט געפרעגט היינט,
פון ד׳ר ארבעט גייענדיק צו הויז,
פון רויך קוים, קוים דעם אָטעם כאפּנדיק,
פארטויבט, פארטומלט פון גערויש.

און . . . פּלוצלונג האָט באַרירט מײַן אויער
די שטימע פון אַן אַלטן פרײַנט:
„נו, װי געפעלן דיר די װאַלען?
האָסטו געשטימט, מײַן חבר, הײַנט?“

די װאַלען . . . איצט פאַרשטײ איך אַלעם;
אַט דאָס איז פון דער פרײד דער קװאַל:
דאָס פאָלק האָט הײַנט זײַן רעכט גענאָסן,
און אומגעביטן זײַן שיקזאַל . . .

עס האָט פון זיך אַראָפּגעװאָרפן
זײַן אַלטן . . . רײַטער אויף דער ערד,
און גלײַך אַרויפגעזעצט אַ נײַעם,
ער זאָל אים אָנטרײַבן—דעם פערד.

עס האָט די בײַטש אַרויסגעריסן
בײַם אַלטן שמײַסער פון דער האַנט,
און אָפּגעגעבן זי מיט חשק
צום נײַ-דערװײלטן—אָן פאַרשטאַנד.

עס האָט פון לײַב אַראָפּגעריסן
די אַלטע פּיאַװקעס, פול מיט בלוט,
און צוגעטשעפּעט נײַע, פרישע —
אָן פּיאַװקעס פילט עס זיך ניט גוט.

נאָװעמבער 1898

# מזמור לתודה

(לכבוד „טהענקסגיווינג־דעי״*)

אָ, פאָטער אין הימל! אָ גאָטעניו גרויסער!
איך דאנק דיר און לויב דיך פאר דיינע חסדים . . .
ס'איז אמת: האָסט מיר ניט געגעבן קיין עושר,
און אָפּטמאָל פעלט אויס מיר אויף ברויט און בגדים;
איך לייד אי פון היץ, אי פון קעלט, אי פון הונגער,
און קראנקהייט נאָך קראנקהייט מיין לעבן צעשטערן:
איך בין שוין געעלטערט, כאָטש גאָר נאָך א יונגער —
דאָך בין איך קיין כופר, און וועל עס ניט ווערן.

איך דאנק דיר און לויב דיך פון הארצן, פון טיפן,
אָ, אוצר פון לעבן, פון גליק און הצלחה!
ס'איז אמת: איך האָב ניט קיין טיפע באגריפן
פון דיר און דיין אייביקער, ווייזער השגחה . . .
דערפאר האָסט אונז טעמפּלען און שולן געגעבן,
מיט „רעווערענדס״ פרומע, פול גייסטיקן כח,
וואו מלאכים און גייסטער פון הייליקע שוועבן,
און געטלאכע ווערטער פילן אָן יעדן מוח.

---

*) דער טאָג פון דאנקזאָגונג; דער לעצטער דאנערשטאָג אין נאָוועמבער.

די טעמפּלען ... ווי פרידלאַך איז דאָרטן דער אוויר!
ער שלעפערט מיך איין אָפּט און צייגט מיר אין חלום
אין יעטווידן מיטגליד א ברודער, א חבר,
מיט וועמען איך לעב אין גרוים אחדות און שלום ...
אפילו די רייכע, וואָס רויבן מיין פרייהייט,
און זויגן טאָג-טעגלאַך, ווי פּיאווקעס, מיין בלוט אויס,
דאָרט פילן זיך אָן מיט גרוים ליבשאפט און טרייהייט,
און ציינן זיך מיר אזוי פריינטלאַך און גוט אויס.

און ... מעגן די רעווערענדס (פון פלייש און פון בלוט דאָך)
ווי פּשוט׳ע מענשן, אליין זיין אָפּט זינדער,
דו, גאָט, ביסט זיי מוחל: זיי פריידיקן גוט דאָך,
און לערנען מ אָ ר א ל דיינע זינדיקע קינדער,
און מאכן אזוי ליכטיק אין זייערע מוחות
מיט קלוגע און טיפע און גלענצענדע דרשות
וועגן גאָטהייט, השגחה און הימלשע כוחות,
וואָס זיי נאָר אליין געבן דער וועלט איר ממשות.

נעם אָן-זשע, אָ גאָט, מיינע הארציליכע דאנקען
פאר דיזע אומשאצבארע, גרויסע גענאדן!
און . . . איך זאָל נאָך מער און נאָך מערער דיר דאנקען
און לויבן דיין נאָמען, אלמעכטיקער אדון!
הער אויס און פארנעם אויך מיין הארציליכע תפילה:
אויפ׳ן אָרט פון נגיד׳ישע ליבשאפט און טרייהייט,
אויפ׳ן אָרט פון די געטלאכע דרשות אפילו —
גיב מוט און קוראזש מיר צו קעמפן פאר פרייהייט!

נאָוועמבער 1899

## צום ניינצענטן יאַרהונדערט

אָ, יאַרהונדערט פון וואונדער,
וואונדער אָן א צאָל!
ווער'ט דיך ניט באוואונדערט,
און געלויבט אמאָל?!

דו האָסט פיל גרויסע, טיפע
סודות אונז אנטפלעקט,
וואָס זיי האָבן, ווי א שלייער,
די נאטור פאַרדעקט.

דו האָסט אונז מאכט געגעבן
איבער בליץ און דאמף,
אום די נאטור באזיגן
אינ'ם לעבנ'ס קאמף.

דו האָסט די לופט און ים'ען
אונז צום דינסט געשטעלט;
דורך מאגנעט, שטאָל און אייזן
פאראייניקט האָסט די וועלט.

דו האָסט פאר אונז געעפנט
פון דער ערד דעם שוים,
פון וואנען קורח'ם אוצרות
שעפן זיך ניט אוים.

און ... דאָך הויבט אויף אויף דיר זיך
פון מיין ברוסט א פלוך: —
כ׳געפין דער מענשהייט׳ם גליק ניט,
כאָטש איך זוך און זוך.

איר גרעסטער טייל, די מאסן,
שאפנדיק אל־דאָס־גוטס,
לעבט זעלבסט אין נויט און עלענט,
פינצטערניש און שמוץ.

פון וויגל ביז אין קבר
אין דעם יאָך געשפאנט,
איר פרעמד איז קונסט און חכמה,
ס׳דרעמלט איר פארשטאנד.

זי שלעפּט די שווערע קייטן,
פון איר זעלבסט געשמידט,
פון ארבעט אָן אן ענדע
אייביק שוואך און מיד.

און פרואווט זיך עמעץ ווערן
געגן טיראניי,
אראָפּווארפן די קייטן
פון דער שקלאפעריי —

דערטרינקט מען אים אין טייכן
פון זיין אייגן בלוט,
א צווייטער זאָל ניט וואגן
פאסן מער קיין מוט.

עס הערשט נאָך, ווי פארצייטן,
ווילדע בארבאריי:
די אויסוואורפן פון מענשהייט
דינען איר געטריי.

די געלט-זוכט פון די רייכע,
הערשאפט-לוסט פון שטאט
און בלוט-דורשט פון וואמפירן
קיינמאָל ווערן זאט.

מע טרייבט אין פרעמדע לענדער
מחנות מיט געווער,
אין נאָמען פון גערעכטיגקייט
און פראגרעס—און הער . . .

עס דונערן קאנאָנען,
ס'בליצט די בלאנקע שווערד,
עס ציטערן בערג און טאָלען,
ס'טרייסלט זיך די ערד.

עס הויבן זיך ווײ־געשרייען,
קרעכצן און געוויין,
און שפּאַלטן אַלע הימלען,
רייסן פעלז און שטיין.

עס שטראָמען זידנדיק טײַכן
מענטשן־בלוט אין ים . . .
דער הימל אײַנגעהילט איז
אין אַ פייער־פלאַם.

דאָס טוען דײַנע קינדער—
מילדע פון נאַטור —
אָ, יאָרהונדערט פון פאָרשריט,
וויסנשאַפט, קולטור! . . .

זיי רויבן, צינדן, שלאַכטן
(שכור פון׳ם זיג)
געוועלגערלאָזע און פרויען,
פּיצעלאך אין וויג.

און די געטרייע דינער
פון מאַמאָן און מאַרס
פאַראויס און הינטען רייטן,
שפּילנדיק אַ מאַרש.

וואָס קימערט זיי, וואָס מענטשן
פאלן דאָרט ווי שטרוי?
פאר זיי איז בלוט—א ברכה,
ווי פאר גראָז איז טוי.

זיי זאמלען מער און מערער
אוצרות פון דער וועלט,
ווי לאנג קיין מענשן אָפּער
זיי׳רע געטער פעלט . . .

* * *

דארום הויבט אויף אויף דיר זיך
פון מיין ברוסט א פלוך:
כ׳געפין דער מענשהייט׳ס גליק ניט,
כאָטש איך זוך און זוך.

דעצעמבער 31, 1899

# איך זינג ניט קיין שירה

„מעשי־ידי טובעים בים,
ואתם אומרים שירה?"
(מדרש שמות רבה)

1

באגלייט פון דער מוזע, אין האנט מיט דער לירע,
האָב איך אונזער נינווה פארלאָזט,
וואו אלעס: מיין געסל, מיין שכן, מיין דירה,
קוקט אוים אזוי וואָכעדיק, פּראָסט.

וויים, ווייט פונ׳ם שטאָט, אויף א בארג אויף א הויכן,
באדעקטן מיט סאמעט—מיט גראָז,—
וואוהין קיין געטומל פון לעבן טוט גרייכן,
פון ווינטן נאָר הערט זיך דאָס בלאָזן;

וואו פים פון א וואנדערער טרעטן אזוי זעלטן,
כאָטש אָפטמאָל דאָרט גייט ער פארביי;
דער אָדלער, דער קעניג פון לופטיקע וועלטן,
שפּאצירט נאָר ארום דאָרטן פריי —

אָט דאָרט, אויפ׳ן בארג, אויפ׳ן בארג יענעם הויכן
(די אומגעגענד—וואונדערלאך שיין)
דאָרט זיץ איך אויף גראָז, ווי אויף סאמעט אויף ווייכן,
מיט א י ר, מיט מיין מוזע אליין.

2

דעם טאָג-לויף גע׳פטר׳ט,
די זון, ווי פארמאטערט,
האלב-שלעפעריק, ווינקט צו דער ערד:
„גוט נאכט, ליבע שוועסטער!
א שלאָף דיר א פעסטער!“
און, שמייכלענדיק, פארשוואונדן גלייך ווערט.

די ערד ווערט באצויגן
מיט שאטענס. — פיל אויגן
פון הימל׳ס רוים קוקן אראָפּ . . .
אלץ ליכטיקער ווערן
אין הימל די שטערן.
די לבנה שווימט איבער מיין קאָפּ . . .

און פאר מיינע אויגן,
דאָרט ליגט, איבערצויגן
מיט צויבער, די אומגעגענט שיין:
די מורמלענדע קוואלן,
באזילבערט מיט שטראלן
פון בלאסן לבנה׳שן חן;

דער שלאָפענדער טאָל דאָרט . . .
דער דרעמלענדער וואלד דאָרט . . .
(די נאכט-היים פון פויגלשן רייך)
און דאָרט, אין זיג-זאַגן,
פול שיפן מיט פלאגן,
א ברייטער, א מעכטיקער טייך.

באצויבערט פון אלעס,
פארגעס איך דעם דלות,
וואָס קעניגט ביי מיר דאָרט אין הויז;
די פיצלאך, דאָס טייבעל,
מיין ליבענקע ווייבעל—
אליץ, אליץ איז פון מוח ארוים.

די לופט דאָ דערקוויקט מיך,
דער לאנדשאפט אנטציקט מיך—
ס׳לעבט אויף אויך אין מיר די נאטור:
א כוואליע פון פריידן
מיך טראָגט אין גן־עדן;
פון זאָרג און פון אומעט—קיין שפור.

און זינגען א שירה,
אין האנט מיט דער לירע,
צום פרילינג בין איך שוין גאָר גרייט.
מיין שירה צו הערן
זיך גרייטן אויך די שטערן,
אָן צאָל דאָרט אין הימל צעזייט . . .

3

און . . . פלוצלונג געשרייען
פון שרעקלאכע ווייען,
פון לעצטן, פון טויטלאכן שמארץ—
א דורכדרינגענד סוויסטשען,
א כארכעלדיג פיסטשען —
פארכאפט און פארדריקט האָבן מיין הארץ.

דאָס האָט א סאָווע
געכאפּט פאר׳ן העלדזל
א שוועלבל, פון מיקן פארפירט . . .
און דריקט זי, און בייסט זי,
און שטיקט זי, און רייסט זי—
און יענע דעם טויט האָט דערשפּירט.

די גרויזאמע סצענע
דערמאנט האָט מיר יענע,
וואָס עקעלדיק ס׳לעבן מיר מאכט:
א פינצטערניש טיפע
הילט איין די באגריפן
פון די, וואָס פארגעטערן מאכט;

און מענטשן-וואמפּירן,
וואָס מאכט אין זיך שפּירן,
פול מערדערשן חיה׳שן גלוט,
באפאלן די שוואכע,
אָן מורא פאר ראכע,
און זויגן מיט דורשט זייער בלוט . . .

פארשוואונדן די פריידן
פון לאנדשאפט׳ס גן-עדן—
באזעצט האָט אן אומרו מיין הארץ
פון בייזע געמיטער: —
א בייזער געוויטער
פון גרויסן אלוועלטלאכן שמארץ.

א רייע פון בילדער
פון ווירקלאכקייט ווילדער,
פול טרויער און שווידער און פיין,
דערשיינט פאר מיר ווידער,
און פרירט מיינע גלידער,
און גיפט גיסט אין הארץ מיר אריין.

4

און... פלוצלונג באדעקט זיך מיט וואָלקענס דער הימל.
נאטור האָט דערוואכט פון איר רואיקן דרימל:
עס שטורעמט... עס דונערט.. עס בליצט...
די בילדער, די פינצטערע, ווערן פארשוואונדן,
דאָך בלייבן אין הארצן די פיינלאכע וואונדן:
דער טרויער, טיף, טיף דאָרטן זיצט.

און טרויעריק שטייג איך אראָפּ אין דער נידער,
מיט מידעקייט שווערער פון בליי אין די גלידער,
און גיי—ניין, איך שלעפּ זיך—צוריק,
צוריק אין מיין געסל, צוריק אין מיין דירה,
וואו זינגען זינג אָפּט איך, נאָר קיינמאָל קיין שירה
פון פרילינג, פון פריידן, פון גליק.

מאי, 1900

## ווען איך זאָל באַזיצען

ווען איך זאָל באזיצען א נשמה פון בליצען,
א שטימע פון דונערן, ווערטער פון פלאמען,
און האָבן דעם מוט פון א לייב,
וואָלט איך איצט ניט זינגען קיין לידער, וואָס קלינגען,
ווי זילבערנע גלעקלאך, מיט הילכיקע גראמען,
צוליב נישטיקן כבוד און לויב.

פול שטורמישן שטרעבן צו יושר׳דיק לעבן,
ווען ניט מער אונטערדריקט וועט זיין פרייהייט,
און ווארהייט—פארפאָלגט און פאריאָקט,
וואָלט איך . . . ניט מיט פרידן געשטעלט זיך צופרידן:
ניט געפריידיקט קיין ליבע און טרייהייט
צו אלץ, וואָס די ארבעטער פלאקט —

מיט ריינעם געוויסן וואָלט איך אויף זיי גיסן
דעם מעכטיקן גייסט פון בארעכטיקטער פיינטשאפט
צו אלעס, וואָס זיי רואינירט:
צו יעדן, וואָס בויגט זיי, צו יעדן, וואָס זויגט זיי,
(פארקליידט אין א מאסקע פון גוטסקייט און פריינטשאפט,
די מאסקע, וואָס פאנגט און פארפירט.)

און איך וואָלט באַוועגט זיי, און איך וואָלט געוועקט זיי,
מיין שטימע וואָלט וועקן פון שלאָף זיי פון האַרטסטן,
וואָלט וועקן זיי צום לעבן פון טויט:
דורך איר וואָלטן שטראָמען אומאויפהערלאַך תהום'ען
פון ברענענדן אויפשטאַנד אין יעטווידן האַרצן,
וואָס פילט נאָר זיין עלנט און נויט.

כ'וואָלט זיי אלע צוזאמענגעשמאָלצן מיט פלאַמען
פון גליהענדן האַס און פון ברענענדן צאָרן
צו אלעס, וואָס האַלט זיי אין יאָך,
ביז... ס'וואָלטן אנטשטאַנען פון שקלאַפן—וואולקאַנען...
און דאַן וואָלט געבלאָזן פון פרייהייט דער האָרן,
אויף הערשער וואָלט קומען א בראָך.

ווען וועזוואוויוס צעשפּילט זיך, נעאַפּאָל דערפילט זיך
אין טויטלאַכע אַנגסטן פון נאָענטער גסיסה,
אין קלעם פון טויט'ס ביינינגע הענט.
און אָט, ווי דאָרט יענע, וואָס בראָטן זיך אין גיהנם —
אין פלאַמענדער לאַווע—א שרעקלאַכע מיתה,
צו ווערן ביים לעבן פאַרברענט —

אזוי וואָלט זיך פילן די מחנה וואַמפּירן,
וואָס זיצט אויפ'ן רוקן פון דער מענטשהייט—די מאַסן,
און זויגט אזוי זשעדנע זייער בלוט,
ווען די זאָלן דערוואַכן מיט בליצן און קראַכן,
און שליידערן פון זיך די העסלאַכע משא,
אין בראַנד פון זייער פלאַמענדן וואוט.

1901

# דער לאָנדאָנער קאָנגרעס

## 1

אין בריטאַניע'ס עיר הבירה,
אין דער גרעסטער פרימסטער שטאָט,
וואָס פאַרשפּרייט דאָס ליכט פון גלויבן —
די דריי־איינציקייט פון גאָט —
אין די פינצטערע מזרח־לענדער,
אין עמורה און אין סדום,
וואו גאָט'ס קינדער זינקען איצט נאָך
אין אומגלויבנ'ס טיפן תהום;
און פאַר אונז, דעם פאָלק ישראל
(גאָט'ס דערוויילטער נאַציאָן,
וואָס פון אַלטע, אַלטע צייטן
טראָגט מיט שטאָלץ יעהאָוואַ'ס פאָן)
איז זי ממש גאָר זיך מפקיר,
און זי שפּאָרט קיין מי, קיין געלט,
ווייל פון אונז, פון אונז דאָך שטאַמט ע ר,
דער ד ע ר ל י י ז ע ר פון דער וועלט —

דאָרט האָבן פירער־ציוניסטן,
וועלט־באַרימטע, גרויסע לייט,
פּאַטריאָטן, דורכגעדרונגען
מיט׳ן גייסט פון אונזער צייט,
אָפּגעהאַלטן אין טיפן ערנסט
א היסטאָרישן קאָנגרעס,
און פאַרזאָרגט דער אומה׳ס צוקונפט
און פאַרזיכערט איר פּראָגרעס.

זעלבסט דער גרויסער זרובבל,
שאַפער פון דעם „יודען־שטאַט“,
מיט זיין יועץ, עזרא סופר,
פילאָזאָף און ליטעראַט,
ביידע האָבן די פאַרזאַמלונג
אין גרויס אָרדנונג דורכגעפירט,
און . . און אַלע דעלעגאַטן
האָבן באַגייסטערט זיך געשפּירט.

און גערעדט האָט זרובבל
נאָר ווי זרֻבבל קען;
איבערגעבן זיינע ווערטער
איז צו שוואַך מיין אָרעמע פּען.
דאָך גורט אָן איך מיינע לענדען
און צי אָן מיין אָרמע האַרף,
און איך גיב דאָ כאָטש דעם תמצית
פון זיין רעדע, קלוג און שאַרף.

2

״ . . . . . .

אמת: כ'האָב נאָך קיין דערלויבנים
ניט געקראָגן פון סולטאן
צו באזעצן פאלעסטינע—
דאָך א האָפנונג איז פאראן . . .
„זייט געדולדיק, מיינע ברידער!
פרעגט ניט: וואָס, און ווי, און ווען?
כ'האלט די זאך בסודי סודות,
קיין בייז אויג זאָל ניט געשען.
איין זאך קאָן איך אייך אנטפּלעקן:
גאנץ אייראָפּא, אָן א „חוץ",
וועט ארויסלאָזן אונז גערן,
כאָטש מיר ברייגגען איר פיל נוץ.

„געהט-זשע פריילאך, קאמעראדן,
טראָגט די בשורה צו דעם פאָלק!
זאָגט אים, לאָז עס געבן שקלים—
גאָט וועט געבן שוין דערפאָלג;
און מיר וועלן ארץ-ישראל,
אונזער קינדהייט'ס גאָלד'נע וויג,
וואו איצט זעט מען נאָר זיך פאשען
דעם אראבער'ס קו און ציג,
פארוואנדלען אין א לאנד א וואונדער,
פול און פול מיט אל-דאָס-גוטס,
און, אליין דאָרט לעבענדיג גליקלאך,
אלע פעלקער ברייגגען נוץ."

„אמן! אמן!“ האָט געקלונגען
אין דעם איבערפילטן זאַל,
און . . . „עס לעבע זרובבל!“
האָט פאַרהילכט דעם גאַנצן זאַל.

3

ווען דער שטורעם פון אַפּלאָזן
איז געקומען צו אַן ענד;
ווען עס זענען מיד געוואָרן
אַלע צונגען, אַלע הענט,
האָט דער גרויסער עזרא סופר
אויף דער בינע זיך געשטעלט,
און באַצויבערט מיט זיין רעדע
די גאַנצע ציוניסטן־וועלט:

„פון צווישן די געשרייען
פון מיין הײמאַטלאָזן פאָלק,
אייביג, ווי אַ ווילדע חיה,
אום׳ברחמנות׳דיג פאַרפּאָלקט,
הער איך גאָט׳ס אַלמעכטיק שטימע: —
— צו זיין נאָמען דאַנק און לויב! —

„אויף פון ד׳ר ערד, אָ ליבע קינדער!
טרייסלט אָפּ פון זיך דעם שטויב!
און צו אייער אַלטער הײמאַט,
צו מיין ציון קערט צוריק!
דאָרטן, דאָרטן, מיינע ליבע,
דאָרטן וואַרט אויף אייך דאָס גליק!“

„יאָ! אהין, אין ארץ־ישראל,
אין דעם פּאטריארכן־לאנד,
דאַרף מען פירן אונזער אומה
מיט א צאַרטער, טרייער האנט.

„אָבער . . . אך! וואו נעמט מען, ברידער,
געלט—מיליאָנען אָן א צאָל,
צו פאַרוואַנדלען אין א ישוב
וויסטע פעלדער, באַרג און טאָל?

„ווען די רייכע, די אדירים,
זאָלן אויסשטרעקן אונז די הענט,
וואָלטן מיר אין ארץ־ישראל
היינטיקס יאָר נאָך זיין געקענט.

„אָבער . . . האָפן אויף ישועות
דורך די רייכע—איז אומזיסט:
זיי . . . זיי קימערט ניט אז ציון
זאָל כאָטש אייביק זיין פאַרוויסט.

„ניין! ניט האָפט, ניט האָפט אויף קיינעם! —
זעלבסט מוז העלפן זיך א פאָלק!
גייט־זשע, מיט געדולד באוואפנט,
גאָט וועט געבן אייך דערפאָלג!

„גייט, חברים, און צעשפּרייט זיך
אויף דער גאַנצער יודען־וועלט,
און . . . און אין די הענט מיט פּושקעס,
זאַמעלט, זאַמעלט, זאַמעלט געלט!“

**4**

טיף באגייסטערט, פול מיט גלויבן
אין דעם גרויסן אידעאל,
האָבן אלע דעלעגאטן
גלייך פארלאָזט דעם גרויסן זאל.

און . . . עס קלינגען הויך די פושקעס,
וואנדערנדיק פון אָרט צו אָרט:
פאטריאָטיש־הייסע אידן
ווארפן מטבעות דאָ און דאָרט;

און אין לויף פון דריי־פיר דורות
וועלן די פושקעס אָפּט זיין פול,
און . . . ווער ווייסט? ביז דאמאלט קאָן נאָך
אויפגעריכט ווערן דוד׳ס שטול —

וואָס באטייטן דריי, פיר דורות
ביי אן אלטער נאציאָן,
וועמען גאָט האָט אנפערטרויט
טראָגן אייביק תורה׳ס פאָן? —

און אויך מיר וועלן א מלוכה
האָבן דאן מיט לייטן גלייך,
און מארינער און סאָלדאטן
וועלן באוואכן אונזער רייך . . .

1903

## דאָס „יודענטום“ גערעטעט *)

אין דער גרעסטער שטאָט פון בבל—
וואו, א דאנק דעם גלות וויסטן,
אידן לערנען נאָך גאָט'ס תורה,
אויף צו-להכעיס שכנים-קריסטן . . .

פילע אָבער זענען כופרים,
גלויבן ניט אין גאָט דעם בורא,
קריטיקירן די גמרא,
און אפילו אויך די תורה;

און זיי שרייבן, און זיי דרוקן
ביכלאך פול מיט אטעאיזם,
אָדער, ווי עס הייסט ביי זיי דאָרט,
סאָציאליזם, אנארכיזם;

און פארפירן אונז'רע ברידער
אין געפערלאכן וועג פון כפירה,
(יענע גייען נאָך ווי בלינדע,
לאָזן זיך ווי שעפסן פירן)

---

*) אַז אמת'ע פּאַסירונג, וואָס זי איז אין איר צייט געווען געמאָלדן אין פילע אידישע און ענגלישע צייטונגען. ליידער האָב איך פאַרנאַכלע־סיגט צו פאַרצייכענען דאָס פּלאַץ און דעם דאַטום. ע. ס.

און גאָט'ס ליבלינג, ס'פאָלק ישראל,
וועדט אלץ מער און מער צעשפּאָלטן,
און א שרעקלאכע סכנה
דראָהט דעם אידענטום דעם אלטן. —

דאָרט האָבן זיך ניט לאנג פארזאמלט
יהודה'ס פּרומסטע, שענסטע טעכטער.
דאמען פונ'ם העכסטן אדעל,
פון אריסטאָקראַטיע עכטער,

אום צו רעטן אונזער גלויבן,
אונזער „יודענטום" דעם אלטן,
און מיט צארטע, איידלע פינגער
גלייך פארנייען זיינע שפּאלטן . . .

און . . . צו ציינן, אז זיי שטאמען
פון אריסטאָקראַטיע עכטער,
האָבן פארשלעפּט מיט זיך די דאמען—
ווי עס פּאסט פאר חוה'ס טעכטער —

קאסטענס פול מיט זייד און סאמעט:
קליידער, אונטערוועש און זאָקן;
שאכטלען פול מיט גאָלד, בריליאנטן
פאר די פינגער, אויערן, לאָקן;

און אין פראכטפולסטע האָטעלן
די שענסטע צימערן פארנומען,
און זיי אָנגעפילט מיט . . . ריחות
פון די קאָסטבארסטע פארפיומען.

---

אין דער רייכסטער, שענסטער זאלע
פון דער וועלט־בארימטסטער „שטראסע“,
דאָרטן האָבן י ה ו ד ה ׳ ס טעכטער
זיך פארזאמלט אין א מאסע.

רוישנדיק מיט נייסטע קליידער,
גלענצענדיק מיט רייכסטע צירונג,
איז ארויף א יונגע דאמע
אויף דער בינע צו דער פירונג.

מיט א זאנפטער, זיסער שטימע,
ביי דער פיאנאָ, נאָך דער מאָדע,
האָט באגייסטערט זי געזונגען
א רעליגיעזע אָדע.

נאָכדעם האָט מען קאלט, געלאסן,
פון דער תורה פיל ג ע ש פ ר אָ כ ן,
ביז מ׳איז—צו דעם יעוואנגעליום
לאנגזאם, רואיק, שטיל פארקראָכן . . .

און די שוועסטער אין איין שטימע
זענען צו איין שלום געקומען:
אום גאָט׳ס ליבעם פאָלק ישראל
רעטן פון זיין וועג, דעם קרומען,

מוז מען אונז׳רע קליינע קינדער,
אָט די נייע, יונגע דורות,
אין דער היים און אין חדרים
און אין אלע תלמוד־תורה׳ס,

לערנען . . . אויך דאָס יעוואנגעליום,
גלייך מיט אונזער הייליקער תורה,
און דורכדעם וועט אונזער רעטונג
קומען גלייך פון גאָט דעם בורא . . .

יוני, 1903

## פּאַגראָמען און גלויבן

איר הערט דאָס געשריי פון פארצווייפלטע קולות
אין לאנד פון די צארן? איר זעט, ווי נבלה׳ס
דאָרט ליגן הרוגים אין גאס?
איר זעט דאָרט צעשמעטערטע קינדערלאך קליינע,
צעריסענע פרויען-בריסט, צניעות׳דיק ריינע,
געריסן א פּאס נאָך א פּאס?

דאָס ווידערהאָלט זיך די אלטע, פארפלוכטע
געשיכטע . . . דאָס זענען די גיפטיקע פרוכטן,
אין גאָרטן פון גלויבן פארפלאנצט,
וואו סמאל מיט אלע מלאכי-חבלה
האָבן זיך מיט דער קינפטיקער מענטשהייט׳ס מפלה
בעת מעשה געפרייט און געטאנצט.

די געשיכטע פון צאָללאָזע מחנה׳ס, וואָס ציען
פון מערב נאָך מזרח, צום הייליקן ציון,
באוואפנט פון קאָפּ ביז די פיס,
געפירט פון גאָט׳ספורכטיקע, פרומע מאָנאכן,
מיט הייליקע תפילה׳ס אין אלערליי שפּראכן,
געזאנג אזוי פרום, אזוי זיס,

צו באפרייען פון טערקן דעם הייליקן קבר
פון זון־גאָט, וואָס ער, כאָטש אליין א בן־עבר,
האָט דערלייזט אלע גוים פון זינד . . .
און ... שרעק גייט פאָראויס זיי, פון הינטן פארניכטונג,
ווי ס'וואָלט זיך פון ערגעץ געטראָגן אין דער ריכטונג
אן אלעם צעשטערנדיקער ווינט.

און וואו נאָר א געטאָ, א אידיש נאָר שטעטל,
וואָס האָט ניט דעם שוץ פונ'ם צלם און ברעטל,
וואו ס'הערט זיך קיין קריסטלאכעס וואָרט,
לאָזן איבער דאָרט שפורן די פרומע וואנדאלן—
בעת תפילה'ס און שבחים צום הימל דערשאלן —
פון פייער, פון רויב און פון מאָרד.

---

און דאָרט, וואו דער שפאנישער טיף־בלויער הימל
פארשלעפערט אין זיסן, אין טרוימערשן דרימל
דעם מענטשן און אלץ אויף דער ערד;
וואו, לאנג פאר'ן גלות נאָך, טויזנטער אידן
האָבן גליקלאך געלעבט זיך אין רו און אין פרידן,
פון קיינעם און קיין זאך געשטערט —

דאָרט ציט זיך א מחנה, פול אימה און שרעקן,
אין האנט, אויף די פלייצעס א טאָרבע, א שטעקן,
מיט יאמער און קלאָג און געוויין . . .
דאָס וואנדערן אידן, פון היימאט געטריבן,
וואו הינטער זיי זענען, אלס זכר, פארבליבן
נאָר קברים פון מארטירער אליין.

און דאָרט, וואו דער דניעפּר, דער בוג און דער דניעסטר
באוואסערן אין פרילינג די פרוכטבארע נעסטן
פון פוילן מוזשיק-מאלאראס, —
וואו רוסלאנד און פוילן, צוויי נאָענטע שכנים,
האָבן הונדערטע יאָרן, אליין און אין איינעם,
געזויגן זיין בלוט אָן א מאָס, —

דאָרט בושעוועט א מחנה פון לאנגע טשופּרינעס,
מיט העק און מיט קאָסעס . . . פארפאסנדיק קינה׳ס
אויף פּארמעט—אויף אידישער הויט . . .
און ס׳פאלן און פאלן קרבנות ווי גארבען,
מיט ריפּן צעהאקטע, צעשפּאלטענע שארבנס,
אין שרעקלאכע שמארצן פון טויט.

* * *

אזוי ווידערהאָלט זיך די אלטע, פארפלוכטע
געשיכטע . . . דאָס זענען די גיפטיקע פרוכטן,
אין גאָרטן פון גלויבן פארפלאנצט,
וואו סמאל מיט אלע מלאכי-חבלה
האָבן זיך מיט דער קינפטיקער מענטשהייט׳ס מפּלה
בעת מעשה געפרייט און געטאנצט.

1903

# פרילינג און איך

עס ציען זיך מחנה׳ס־וויים פויגלען אַן צאָל
אהערצו פון פרעמדע, פון ווייטע מדינה׳ס;
די זעלבע צייט ברייננגט זיי אונז יעטווידעס מאָל
(זיי האָבן אין תקופה׳ס א גרויסע מבינות) —
עס ציט זיי דעם פרילינג׳ס דערקוויקענדע דופט.
באלד וועלן זיי אָנהויבן בויען זיך נעסטן,
און ברייננגען די ליבע פון שענסטן, פון בעסטן:
א קערענדל, א ווערעמל, א פליג פון דער לופט.

אין גאָרטן, אין פעלד, אויף דער לאָנקע, אין וואלד,
אומעטום איצטער פילט מען די שאפונג׳ס קראפט שוועבן;
און הויך אין דער לופטן אַן אויפהער דערשאלט
די אייביקע שירה פון פרייהייט, פון לעבן.
דעם פויגל׳ס געזאנג, זיין באוועגונג, זיין פלי,
פון וועלדל דאָס רוישן, פון בינען דאָס זשומען,
די פארבן און ריחות פון גראָזן און בלומען —
אלץ, אלץ גיסט צענויף זיך אין איין הארמאָני.

* * *

אויך איך האָב דעם אָנקום פון פרילינג דערשפירט . . .
ביי מאמע־נאטור בין קיין שטיף־קינד, חלילה:
זי׳ט פון מיין הארץ אלע סטרונעס בארירט,
און איך האָב מיין הארף שוין גענומען אפילו,
געוואָלט מיין נשמה אנטפלעקן דורך איר.
האָבן פלוצלונג, פאר׳חלש׳ט, געפלאצט אירע סטרונעס,
און . . . כ׳שוועך ביי די געטער פון אלע אמונה׳ס—
איר קריגט היינט קיין פרילינג׳ס ליד, לעזער, פון מיר.

עס ציט מיך צום פרייען, צום גרינענדן פעלד,
געקרייזעלטן וועלדל, געשלייַנגעלטן טײַכל,
וואו אונטער׳ן סאפיר־בלויען הימל׳ס געצעלט
די יונגינקע גרעזעלאך שמעקן — א מאכל . . .
וואוהין איך וואָלט נעמען מײַן ליבסטעס, מײַן בעסט:
מײַן ווײַבל, די קינדערלאך, זיסע און שיינע,
וואָס מורמלען מיט ליבע, ווי טײַבעלאך קליינע,
ווען זייערע עלטערן קומען צום נעסט.

עס ציט מיך, עס שלעפּט מיך, עס רײַסט מיך צום פעלד . . .
כ׳וואָלט פליען אהינצו, ווען איך האָב נאָר פליגל;
כ׳וואָלט בעסער זײַן ד אָ ר ט אין א לייוועגט געצעלט,
ווי ד אָ אין פּאלאצן פון שטאָל און פון ציגל.
איך וואָלט געלעבט דאָרטן זאָרגלאָז און פרײַ,
ווײַט, ווײַט פונ׳ם שטאָטישן רעש און טומל,
און, ווי יענע פויגעלאך אונטער׳ן הימל,
וואָלט לידער צום פרילינג געזונגען דערבײַ.

עס ציט מיך . . . נאָר . . . ווײַ! כ׳בין אין קייטן געשמידט,
און קאָן זיך פון אָרט, פון פאַרפלוכטן, ניט רירן;
די לופט ארום מיר מאכט צו בלײַ מײַן געמיט,
וואָס דריקט שווער דאָס הארץ מיר און פרעסט די געהירן —
א שאלה, א הארבע, מיר ענגבערט דעם קאָפּ . . .
זי הערט גאָרניט אויף פאַר די אויגן מיר שוועבן:
ווי מאכט מען דערטרעגלאכער, גרינגער דאָס לעבן?
אין לעבנ׳ס קאמף קריג איך א קלאָפּ נאָך א קלאָפּ.

צוויי אוצרות געשענקט האָט מיר מאמע־נאַטור:
א פילנדעס הארץ און א דענקענדן מוח;
פון דריטן, פון נויטיקסטן אָבער—קיין שפּור:
צו קעמפן מיט מיט־מענטשן האָב איך קיין כוח.
אין קאמף מיט די מענטשן, דאָרט דארף מען—פארראַט,
און באטרוג, און חניפה, און פאלשקייט, און שווינדל,
די מעכטיקע וואפען פון יענעם געזינדל,
וואָס האָט אלע ברכות פון גאָט און פון שטאָט.

1904

# תחית־המתים

ווי ציימן פון ציימן עס זענען פארשידן!
ווי ס'האָבן פארענדערט זיך רוסישע אידן
די לעצטע בלויז עטלאכע יאָר!
זאָגט: ווער וואָלט עס גלויבן, וואָלט ווער עס גאָר דענקען:
פון עלטערן, דערצויגן אין קראמען, אין שענקען,
ארויסקומען וועט אזא דור —

א דור מאקאבעער, דעם פאָלק'ס גרויסע פירער,
א דור פון אומשטערבלאכע העלדן, מארטירער,
אין קאמף פאר'ן אָרעמען פאָלק,
וואָס עס איז דורכ'ן גלות פון טויזנטער יאָרן
אן אומה פון עלנדע טרוסן געוואָרן,
פאראכט, און פאריאָגט, און פארפאָלגט?!

אנשטאט זיך צו בוקן, אין האנט מיט דער היטל,
פאר יעדער קאקארדע, פאר יעטווידן טיטל
(סימבאָלן פון צארישער מאכט);
אנשטאט פון צו בויגן דעם רוקן אין דרייען,
צו זינגען „מה־יפית", זיך קרומען און שרייען
פאר פריצים ביימאָג און ביינאכט, —

איצט האלט א רעוואָלווער אין האנט אונזער אידל,
און זינגט א באגייסטערטע, מוטיקע לידל
פון פרייהייט און רעוואָלוציאָן,
דאָ קעמפנדיק מוטיק פאַר מענטשלאכע רעכטע,
דאָרט פעכטענדיק בלוטיק מיט חיות מיט עכטע,
וואָס פייניקן זיין נאציאָן.

די קינדער פון יענע, וואָס מעסטן און וועגן
נאָר סחורה, און ציילן דעם ריוואח, נאָר פלעגן,
אָפּטו אָפּנארענד, שווערנדיק פאַלש,
דערווידער דעם גייסט פון דער אידישער תורה,
(דער חשק צום לעבן, פאַר הונגער די מורא
זענען שטארקער, פיל שטארקער פון אלץ) —

פון יענע די קינדער ... פון איין אָרט צום צווייטן
איצט מעסטן די וועגן, די קערנער פארשפרייטן
פון פרייהייט׳ס אידעען דורכאויס,
און מעסטן און וועגן די מעכטיקע שטאָפּן,
וואָס באַמבעס באשאפן, מיט וועלכע זיי האָפן
פארניכטן דאָס צארישע הויז.

די קינדער פון יענע, וואָס פלעגן זיך שרעקן,
ווען ס׳האָט זיך באוויזן א סאטסקי׳ס א שטעקן,
ווער רעדט—אַן אוריאדניק׳ס א שווערד,
און מיט א פארציטערטן הארץ, אָן אן אָטעם,
זיך צוהערן צו זייערע ווילדע משפטים
און פאלן אין שרעק צו דער ערד —

פון יענע די קינדער איצט האָבן קיין מורא
אפילו פאר אים, כביכול דעם בורא,
ווער רעדט—פאר א בשר ודם!
און זעלבסט איצט פאר׳משפט׳ן זיי רוסלאנד׳ס טיראנען,
און שיקן אוועק זיי אויף אייביק פון דאנען
אהין, אין פארגאנגענהייט׳ס תהום . . .

נו... ווער וואָלט עס גלויבן? זאָגט, ווער וואָלט גאָר דענקען:
פון עלטערן, דערצויגן אין קראָמען, אין שענקען,
ארויסקומען וועט אזא דור?!
אז אידישע קינדער, מיט באָמבעס, קינזשאלן
אין מיט׳ן טאָג וועלן נאטשאלסטוואָ באפאלן —
האָט איר ווען געשטעלט זיך עס פאָר?

ניין! דאָס איז דער צייט-גייסט . . . איך קען אים,
איך וויים אים:
דאָס קומען די צייטן פון . . . תחית-המתים:—
פון שלאָף אונזער רוסלאנד דערוואכט,
און אידן מיט גוים, מיט גוים צוזאמען,
דאָרט בלאָזן פאנאנדער פון אויפשטאנד די פלאמען,
און . . . ס׳ציטערט די צארישע מאכט.

1905

## אויף יאָהאַן מאָסט׳ס קבר

אָ, אלטער העלד! אָ, גרויסער מאָסט!
אויך דו—באזיגט פון טויט?!
אויך דו, קאמראד, האָסט אונז פארלאָזט
אין צייט פון גרויסער נויט,
פון גרויסער נויט—אין העלדן גייסט,
וואָס גייט פאָראויס, און פירט, און ווייזט,
(ניט בליקענדיק צוריק)
דעם רעכטן וועג צום אידעאל —
צו פרייהייט, גלייכהייט פאר אונז אל,
צום אלגעמיינעם גליק?!

ווי קליין פון העלדן איז די צאָל,
וואָס זענען גלייך צו דיר!
וואָס זענען שטארק ווי דו—ווי שטאָל,
צוליידן אָן א שיעור,
וואָס קעמפן פאר דער פרייהייט׳ס פאָן,
דאָס לעבן לאנג, פון קינדהייט אָן,
צו׳להכעים גלויבנ׳ס טיפן האס,
צו׳להכעים מאסן-שפאט,
צו׳להכעים ברענענדיקן כעס
פון טייוול, מענטש און גאָט!

און אלטע פרוי, א שוואכע פרוי,
אין פרייהייט׳ס קאמף א ריז,
(איר גרויסקייט איז באקאנט געווי
דעם ליידענדן פאריז*)
האָט ערשט ניט לאנג ווי דו, קאמראד,
און רעש, און שרייענדן פאראד,
דאָס פעלד פון פרייהייט׳ס קאמף פארלאָזט,
און האָט צו אונז געזאָגט:
„מיט אייך פארבלייבט מיין חבר מאסט—
באווײנט מיך ניט! ניט קלאָגט!“

דו ביסט געבליבן—ניט אויף לאנג . . .
דו ביסט שוין, וויי, ניטאָ!
אוועקגעפאלן פלוצלונג קראנק
אין א פארפלוכטער שעה,
און אומדערוואַרטעט שנעל אוועק
אין יענעם ווייטן פינסטערן וועג,
פון וואנען קיינער קומט צוריק,
וואו אייביק הערשט די נאכט,
וואו קיינער זוכט ניט מער דאָס גליק,
וואו קיינער—פילט און טראכט.

*) לואיזע מישעל, די גרויסע קעמפערין פון דער פאַריזער קאָמונע.

נאָר—ניין! דיין קערפּער איז נאָר טויט,
דיין נשמה אָבער—לעבט:
באַפרייט פון ביינער, פלייש און הויט,
דיין גייסט, אומשטערבלאך, שוועבט . . .
ער שוועבט ארום, פילט אָן די לופט,
ער שוועבט ארום און וועקט, און רופט:
„דערוואכט, שטייט אויף, קאמראדן אלע!
צום קאמף מיט קירך און שטאט!
גייט, פריידיקט אונזערע אידעאלן,
און קעמפט מיט וואָרט און טאט!"

מערץ—1906

## דאנק-זשע גאָט!

שוין נאָענט איז דער גרויסער טאָג,
פון פּרעזידענט באשטימט,
(ווי ש ל מ ה מיט זיין חכמה אמאָל —
מיט בערן-געיעג בארימט*)
ווען גרויס און קליין אין אונזער לאנד,
פאראייניקט אין איין ברידער-באנד,
ווען שיקן א דאנק פון טיפן הארץ
ארויף צו׳ם בורא׳ס טראָן
פאר אלעס, וואָס זיין מילדע האנט
פאר יעדן האָט געטאָן.

טאָ גרייט זיך צו צו יענעם טאָג,
אויך דו, מיין ברודער-איד,
צו זינגען מיט כוונה דאן
צו גאָט א תודה-ליד.

דו קומסט פון סיעדליץ?... קישינעוו?...
פון ביאלאָסטאָק?... אָדעס?...
קוים ביסטו דאָ, האָט דאָרט געוויס
דיר גאָט געטאָן א נס:

*) פּרעזידענט טהעאדאר רוזוועלט.

מע האָט צעפּלינדערט דאָרט דיין גוטס,
גער אָזט דיך אָן א העמד,
דיין היים פארברענט, און האָסט געמוזט
גיין שלאָפן אין דער פרעמד?

מע האָט געפּייניגט דאָרט דיין ווייב,
געמאכט דיין פּאָטער בלינד,
צעשפּאָלטן לעבעדיק, ווי פיש,
דאָס בייכל פון דיין קינד? —

טאָ דאנק-זשע גאָט, וואָס דיך אליין
האָט כאָטש גערעטעט ער
פון יענע ווילדע חיות׳ ציין,
און גאנץ געבראכט אהער . . .

דאָ קאָנסטו האָפן נאָך צו גאָט,
צו ווערן . . . א מיליאָנער:
אין דיזן גאָט-געבענטשטן לאנד
איז אויפקומען ניט שווער.

דו זאָגסט: דו ביסט א בירגער שוין
און „שטימסט" שוין יעדעס יאָר,
דאָך—קריגסטו אָפט א שווערן שטיין,
מע רייסט פון באָרד די האָר.

דאָס מאכט ניט אויס; אבי דו לעבסט,
די איברים זענען גאנץ . . .
געלויבט איז גאָט! פלעכט אוים פאר אים
פון לויב-געזאנג א קראנץ!

דו זאָגסט: איר ארבעט טאָג און נאכט,
דו זעלבסט, דיין ווייב, דיין קינד;
דאָך ליידט גאניץ אָפּט פון מאנגעל, נויט,
דאָס גאנצע הויז-געזינט.

נו . . . ניט געזאָרגט! די רייכע לייט
זענען בארעמהארציק, גוט:
זיי העלפן דאָ די אָרעמע לייט
מיט זייער אייגן בלוט.

דו זאָגסט: דו קאָנסט ניט שאפן מער—
די כוחות גייען אויס . . .
טאָ דאנק-זשע גאָט, וואָס שטאָט פארמאָגט
א צדקה-קראנקן-הויז.

דו זאָגסט: דיך ארט ניט פאר זיך זעלבסט —
פאר ליבן קינד און ווייב
(די בעסטע העלפט פון יעדן מאן,
די נשמה פון זיין לייב)

ניט זיי פארצווייפלט: מענטשן דאָ
זענען איידל, גוט און פרום:
זיי זאָרגן שטארק פאר פרוי און קינד —
דער מענטשהייט׳ס צארטסטע בלום.

דיין ווייב וועט—ארבעטן אין א שאפּ
פון לאנדסלייט, רייכע לייט,
וואו דו האָסט זעלבסט געארבעט שווער
א לאנגע, לאנגע צייט;

דיין קליינער יונג וועט פוצן שיך,
פונאנדערטראָגן נייס,
ביז ער׳ט זיך אויסלערנען די קונסט
פון לייענען שווארץ אויף ווייס,

און ט׳ווערן דאן א משולח-יונג,
א „מעסענדזשער“ דאָס הייסט,
און שפּעטער—דאָקטאָר . . אדוואָקאט . . .
צו—פּאָליטישן גאָר, פארשטייסט?

דיין טאָכטער׳ס צוקונפט—זאָרג ניט פריינט!
פאר איר זאָרגט גאָט אליין:
זי איז ארוים פון זיינע הענט
א וועזן וואונדער שיין.

די קינדער יאָרן וועט אין שאפּ
פארברייגען לוסטיק זי:
וועט שלעפּן סטריגעס, לויפן גיינג
ביז שפּעט פון אין-דער-פרי;

און ווען זי וועט א פריילין ווערן,
פול צויבער, רייץ און חן:
דער קערפּער שלאנק און גראציעז,
די נשמה קינדיש ריין;

די באקן—רויזן, בלוט און מילך,
די טאליע דין און רונד,
די אויגן פול מיט לעבנס-לוסט,
און תמיד פריש, געזונט —

וועט דאן איר באַלעבאָס'עם זון,
צוליב זיין צייט־פּאַרטרייב,
פאַרשפּרעכן איר און שווערן איר —
זי נעמען פאַר א ווייב . . .

* * *

טאָ גרייט זיך צו צו יענעם טאָג,
מיין ליבער ברודער־איד,
זאָלסט זינגען מיט כוונה דאן
צו גאָט א תודה־ליד.

נאָוועמבער, 1906

# איך און מיין מוזע

1

אָ, מוזע, מוזע מיין! אָ, היים געליבטע מיין!
וואו ביסטו? זאָג מיר, זאָג: האָט עפּעס וואָס געטראָפן?
האָב איך פאַרזינדיגט זיך און דיר פאַרשאַפט גרויס פּיין,
און מיט פאַרפאַרעמדקייט מיך דערפאַר טוסטו באַשטראָפן?

אַמאָל האָבן ביידע מיר ווי טייבעלאַך געלעבט:
געפאַנטאַזירט, געטרוימט, ווי ליבענדע, צוזאַמען;
דיין ריינער, הייליקער גייסט האָט איבער מיר געשוועבט,
פונאַנדערבלאָזנדיק אָפט פון פּאָעזי די פלאַמען.

און איצט... אַוועק ז׳פון מיר דיין שכינה שוין פון לאַנג,
זי גיסט אויף מיר ניט מער דעם שטראָם פון אירע שטראַלן;
און מיט איר איז אַוועק דער שטורמדיקער דראַנג,
וואָס פלעגט מיך טובל׳ן אָפט אין דיכטונגס קלאָרע קוואַלן.

דער גרויסער לעבנס-ים, אין טיפן יאַמער-טאָל,
אָן אויפהער שליידערט הויך, ביז׳ן הימל, זיינע כוואַליעס,
און וואָלקנס, דיק און שוואַרץ—פאַסירונגען אָן צאָל
פון טרערן און פון בלוט—די זון-שיין מיר פאַרשטעלן.

און יעדעס, יעדעס מאָל ווען מענטשן טרערן און בלוט
פאַרביי מיין גייסטיק אויג ווי כוואַליעס בייזע שטראָמען,
דערהויבט זיך אין מיין מאַרך א ברוויזנדיקע פלוט—
מיט שרעק און טרויער פול געדאַנקען טיפע תהום׳ען.

עס דריקט מיר שווער דאָס האַרץ דער גרויסער וועלטן-שמאַרץ,
מיין נשמה אין מיר ברענט מיט פלאַמענדיקן צאָרן;
און ס׳ווילט זיך אין א ליד מיר אויסגיסן דאָס האַרץ,
פיליכט וואָלט אויף א וויל מיר לייכטער כאָטש געוואָרן.

טאָ—קום-זשע, מוזע מיין! דיין גייסט מיר ברייננג צוריק!
(צו גרויזאַם איז די שטראָף פון גייסט צו זיין געשידן).
קער אום דאָס גלויבן מיר אין אַלגעמיינעם גליק,
און לאָמיך, ווי אמאָל, געפינען רו און פרידן!

2

איינגעהילט אין טיפן טרויער,
קומער, אנגסט אין בליק,
פליט מיין מוזע גלייך אהערצו . . .
קומט צו מיר צוריק.

נאָר . . . איר שטימע קלינגט ניט — דונערט,
און איר פנים בליצט,
און פון אירע טיפע בליקן
צאָרן-פייער שפּריצט:

„רו, און גליק, און פרידן ווילסטו,
דו, פארפירטער נאַר?!
„פרידן . . . פרידן פאַר רשעים —
ניין!“ זאָגט גאָט דער האַר.

„ווילסט געפינען גליק און מנוחה,
ווילסט געפינען פריד;
ווילסט א לארבער־קראַנץ פאַרדינען
פאַר א געטלאך ליד —

„טאָ אנטלויף, אנטלויף פון טעמפּעל
פון דעם גאָט־מאַמאָן!
וואו עס פלאַטערט הויך מערקורי׳ס
בלוט באַפּלעקטע פאָן;

„וואו קרבנות אָן א מספּר
פאַלן יעדן טאָג,
און די פּריסטער, זײ׳רע שעכטער,
ווייסן פון קיין פּלאָג . . .

„איך האָב, זאָגסטו, דיך פאַרלאָזן,
קום ניט מער צו דיר?
אך, מיין ליבער! שעמסט זיך גאָרניט
לאיגן אין פּנים מיר? . . .

„פיל, פיל מאָל האָט שוין מיין שכינה
אויף דיין קאָפּ גערוט,
זינט דער שרעקלאך-ווילדער נ א ר ד - ב ע ר,
יענער מאנסטער-ברוט,

„איז ארוים פון זיין בערלאגע,
דורכגעווייקט אין בלוט,
און גענומען שטיקן, ווערגן
אין זיין ווילדן וואוט

„יעדן, אלץ, וואָס לעבט און אָטעמט
דאָרט, אין ב ע ר ן - ל א נ ד,
אלץ, וואָס האָט גענומען ציינן
צייכנס פון פארשטאנד . . .

„זי האָט כסדר, זאנפט און צערטלאך,
דיך פון שלאָף געוועקט,
ווען דאָס בלוט פון גארער מענטשהייט,
האָט זיך שטארק באוועגט;

„ווען די כוואליעס פונ׳ם לעבן,
ווי א טהיר צערייצט,
זענען שרעקלאך הויך געשטיגן,
שיער די וועלט פארפלייצט . . .

„פיל, פיל מאָל האָט זי געוועקט דיך,
נאָר . . . אומזיסט איר מי;
דיין נשמה איז פארקאָוועט
אין א לעטארגי.

„ווארפסט זיך דורך, און ברומסט פארשלאָפן:
„לאָז! . . . איך האָב קיין צייט",
און די רגע קערסט זיך איבער
אויף דער צווייטער זייט,

„און שלאָפסט ווידער איין און חלום'סט . . .
זעסט . . . א גאָלד'נעם טרוים:
ס'פאלן גאָלדענע מטבעות
פונ'ם לעבנ'ם בוים.

„און דו קלייבסט זיי, קלייבסט אָן אויפהער,
קלייבסט און ווערסט ניט מיד,
און דיין קרעמער'שע נשמה
זינגט דערביי א ליד . . ."

* * *

„ניין! דו קאָנסט זיך ניט באקלאָגן:
איך האָב דיך ניט פיינט —
ביסט אליין אין אלעם שולדיק,
ביסט אליין . . . דיין פיינט.

„ווילסט דעם קאלב, דעם גאָלדנעם דינען —
דין אים! דו ביסט פריי . . .
אָבער ווייס: אומזיסט דיין האָפן,
איך זאָל זיין דיר טריי.

„איך צוזאמען מיט מאמאנ׳ען
זענען ניט קיין פּאָר . . .
נו, אדיע! איך ווינש דערפאָלג דיר . . .
האָב דיר א גוט יאָר!“

און . . . זי׳ט אירע צארטע פליגלען,
לייכטע ווי זעפיר,
אויסגעשפּרייט און איז—אין הימל
שנעל אוועק פון מיר.

1907

# אַ חלום

„האלט, מיין פריינט! בלייב שטיין א ווײַלע!
כ'ריר זיך ניט פון אָרט—:
איינגעהילט אין לייכטן נעפּעל,
עפּעס רירט זיך דאָרט . . .
עפּעס שרעקט אין מיר דאָס הארץ זיך,
האסטיק שטראָמט מיין בלוט,
און איך פיל, אָט־אָט פארלאָזט מיך
מיט אמאָל מיין מוט.“

דיזע ווערטער, פול מיט אנגסטן,
ווי אומצופאלן גרייט,
האָט א פאבריקאנט א גרויסער
דיק און הויך און ברייט —
אויפ'ן וועג פון א פארזאמלונג,
איינמאָל שפּעט ביינאכט,
(וואו מע האָט דער מדינה'ס צוקונפט
שטאטסמאניש באטראכט)
מיט א ציטער אין זיין שטימע,
מיט א בלאס געזיכט,
ווי ער וואָלט אין שרעק געשטאנען
פאר א טויט־געריכט,
ווי עס וואָלט אים זיין געוויסן
גיהנום'דיק געפּלאגט —
צו א פריינט, א פּאָליטישן,
שטילערהייט געזאָגט.

צו בארוהיקן זיין גוטן,
אײדעלען פּאַטראָן,
זאָגט דער קלוגער פּאָליטישן
מיט א זיסן טאָן:
„שרעק זיך ניט, מיין הער געערטער!
זיי נאָר מוטיק, פּעסטט!
קיין סכנה—פון מוראשקעס
זעסטו דאָרט א נעסט,
וואָס זיי זענען שטארק פארנומען,
אלע זאלבאנאנד,
ווען א קערענדל א קליינטשיקס
קומט זיי נאָר צום האנט . . "
—„ניין, מיין ליבער! האָסט א טעות,
קוק זיך צו נאָר גוט! . . .
זעסטו ניט אין יענע ברואים
מענטשן־פלייש און בלוט?
זע: פון נעפּל דאָרט דערשיינען
מענטשן־קעפּ אָן שיעור,
און זיי ווארפן פלאמען־בליקן
גיפטיג בייז אויף מיר,
און זיי דראָהען מיר מיט פויסטן . . .
שטעקן ארוים די צונג . . .
רעטע . . . ראטעווע מיך, ליבער,
טרייער, גוטער יונג!
גיי און פרואוו מיט גוטן, העפלאך,
שטילן זייער כעס! . .
זע נאָר, זע נאָר, ווי איך ציטער! . . .
ס'פּנים מיינס—ווי בלאס . . ."

„יאָ, דאָס זענען . . . מענטשן,—אַרבעטער,
ווען מען דו גיבסט ברויט:
גיב נאָר דו זיי ניט קיין אַרבעט,
ליידן זיי גרויס נויט;
און . . . דאָך וואָגן זיי—אומדאַנקבאַרע! —
דראָהען זייער הער.
ניין! אומזיסט! מיט גוטן איינשטילן —
קאָן מען זיי ניט מער.
לאָז מיך לויפן נאָך סאָלדאַטן
און נאָך פּאָליציי:
יענע וועלן תיכּף און אויף אייביק
(האָף איך) איינשטילן זיי . . .“

—„אָבער . . . זע נאָר: ווי אַ שטורעם
קומט די מאַסע אָן!
קוק: פאָראויס אַ ריז, אַ יונגער,
טראָגט אַ רויטע פאָן . . .
און . . . צוזאַמען מיט דער מאַסע
גייט דאָרט . . . מיליטער!
און . . . אָ, גאָט מיין! ווי עס בליאַסקעט
טויטלאַכעס געווער! . . .
ווי! מיר זענען איצט פאַרלוירן . . .
ס׳קומט שוין אונזער ענד . . .“
קאָנוואולסיוו האָט ער דאָס פּנים
פאַרשטעלט מיט ביידע הענט,
און—אַ פאַל געטאָהן אין אומאַכט
אויף דער האַרטער ערד.

דאָ האָט זיין פריינט ארויסגעצויגן
פון ערגעץ-וואו א שווערד
און אריינגעשטעקט זי בליץ-שנעל
זיין פאטראן אין הארץ.
יענער האָט זיין לעצטן אָטעם
אויסגעהויכט אָן שמארץ.

———

דאן איז, ציטערנד, צו דער מאסע
דער פון דאָרט אוועק,
און האָט טיף פאר איר פארנייגט זיך,
און געזאָגט מיט שרעק:

„פריינט! איך האָב א גוטע בשורה
אייך מיט זיך געבראכט . . .
יענער, צווישן וועמענס קלויען
איר האָט לאנג געשמאכט;
וואָס ער'ט אימער אייך דערנידעריגט
ביז דער סאמע ערד, —
ליגט דאָרט, ווי א הונט, דערשטאָכן
פון מיין שארפער שווערד.
דאָס . . . האָב איך גענומען ראכע
פאר'ן ארבעטס-פאָלק,
פון אים בארויבט און אונטערדריקט רק,
כסדר רק פארפאָלגט . . ."

דאָ האָט זיך א ווילדער שטורעם
אויפגעהויבן באלד —
א מאסאווע שטארקע שטימע
דונערנד האָט דערשאלט:

„ד ו  פאר  א ו נ ז,  פארקויפטע נשמה,
ראכע, זאָגסטו, נעמסט?!
שופט דו! זעלבסט די אומפארשעמטקייט
מיט דיין צונג פארשעמסט:
דו האָסט דאָך דיין גאנצן לעבן
גלויבן אונז געמאכט,
אז די וועלט וואָלט אונטערגיין גאָר
אָן דעם רייכנ׳ס מאכט;

אז מיר אָטעמען, מיר לעבן
נאָר א דאנק דעם גביר,
וואָס ער טוט אונז, זיינע שקלאפן,
טובה׳ס אָן א שיעור . . .
איצט איז ער . . . דער אונטערדריקער,
און דערלייזער — דו?!

„הער־זשע אוים פון אונז דיין משפט,
נויג דיין אויער צו:
האָסט דערזעען אונזערע קרעפטן
אלע דאָ פאראיינט,
האָסטו—אָפנארן געוואָלט אונז,
פירן אונז געמיינט . . .
ריר ניט אָן אונז! מאך ניט טמא
אונזער ריינעם גרונד!
מיט געמיינע פאָליטישנס
מאכן מיר קיין בונד —

„גיי דיר, עקלהאפטע בריאה,
גיי פון אונז אוועק!
גיי . . . און זאָל דיך זעלבסט-פאראכטונג
פירן דיין גאנצן וועג;
מיר וועלן קיינמאָל דיך פארפאָלגן,
זיי דו זעלבסט—דיין שטראָף!“

* * *

דאָ האָב איך זיך, ליבער לעזער . . .
אויפגעכאפּט פון שלאָף.

1908

# אויף גערשוני׳ס קבר

די גאָלדענע זון האָט פארשטעלט איר געזיכט . . .
די שטערן-בריליאנטן לעשן אויס זייער ליכט,
דער וועלט-אַל פארפינצטערט און טרויעריק בליקט.
א קלאָג-שטים זיך טראָגט אינ׳ם ענדלאָזן רוים:
„געפאלן דער מעכטיקער, ריזיקער בוים! —
גערשוני . . . גערשוני פון טויט איז באזיקט!"

פילייכט איז עס, זאָגט מיר, ניט מער ווי א טרוים . . .
גערשוני איז טויט?! ווייִ! עס גלויבט זיך מיר קוים: —
איך הער דאָך, מיר דוכט, זיין פראָפעטישע שטים . . .
עס בליצט און עס דונערט זיין יעטווידעס וואָרט . . .
קוים כאפענד דעם אָטעם, זיך רירט ניט פון אָרט,
ווי צוגעשמידט, ווער נאָר ס׳הערט צו זיך צו אים.

גערשוני איז טויט . . . אָך, ווי גרויס איז דער ברעך
פאר אלע, וואָס טראָגן דעם שקלאפישן יאָך,
די אייזערנע קייטן אין צארישן לאנד! —
יהודה המכבי פון אונזערע טעג!
ווארום האָסט פארלאָזט אונז אין מיט׳ן דעם וועג,
וואו נויטיק אזוי איז דיין מעכטיקע האנט?

דו האָסט אונז געוויזן צו פרייהייט דעם וועג,
א שמאָלער, פארדרייטער, א דאָרניקער שטעג,
פול שפיציקע פעלזן און גריבער אָן צאָל . . .
ווארום-זשע, אָ גרויסער, אָ זיגרייכער העלד,
ווארום האָסט פארלאָזט אונז אין מיטן דעם פעלד,
אין מיטן די שלאכטן—אוועק מיט אמאָל?!

1908

# די געבורט פון נאסליעדניק*)

„אָ, גאָט פון די פרומע, די גלויביקע סלאַוון! —
די קנעכט פון דיין זון, אונזער קייסער דעם בראַוון,
וואָס דו האָסט געזאַלבט און געקרוינט;
וואָס האָסט און פאַרפאָלגט און פאַרניכטעט די פרייע,
און דיינע און זיינע משרתים געטרייע
מיט גאָלד און מיט כבוד באַלוינט.

„ווי קאָנסטו, באַרמהאַרציקער פאָטער אין הימל,
איצט רוען, אפילו גאָר כאַפּן אַ דרימל,
ביי זיך דאָרט, אין הייליקן געצעלט,
ווען, וויי! פון׳ם צאַר איז די רוע אַנטלאָפן:
ער עסט ניט ביי טאָג, קאָן ביינאַכט קיינמאָל שלאָפן —
אַ יורש, אַ יורש אים פעלט?!

„אַך! ווער, נאָך זיין טויט, וועט באַוואַכן דיין גלויבן,
מע זאָל פון דעם אוצר דאָס פאָלק ניט באַרויבן,
(דעם קוואַל פון דער ריינסטער מאָראַל)
און אויסראַטן אַלע געפערלאַכע לערן —
וואָס הערן ניט אויף זיך פאַרשפּרייטן, פאַרמערן —
פון גלייכהייט און פרייהייט פאַר אַל׳?!“

*) יורש פון צאַרישן טראָן.

אזוי — אויף די קני פאר'ן בילד פון כריסטאָס'ן,
מיט א מאַטאַוון שיין פון א לעמפּל באַגאָסן,
ארום איר גרוים לוקסוס און פּראכט —
האָט, שטילערהייט ווייגענד, פול אנגסטן און זאָרגן,
די ווייסע צאריצע, פון מענטשן פארבאָרגן,
גע'תפלה'ט בייטאָג און ביינאכט.

און גאָט האָט איר תפלה, די הייסע, פארנומען:
ער האָט זיך באלד צו דער ארבעט גענומען
אין לאַבאָראַטאָריום ביי זיך,
און פון אלע שטארקע און מעכטיקע שטאָפן,
וואָס זיי האָבן זיך דאָרט צו דער האַנט אים געטראָפן,
האָט . . . סמאל דערלאנגט אים אויף גיך:

א קוואָרט און א האלב—פּראַוואָסלאַוונע אמונה,
א גאלאָן־פול—אייזלשע חכמה און תבונה,
און . . . חזיר'שע ריינקייט—א פאס;
א פונט און א האלב פון א טיגער—רחמנות,
און פונקט אזוי פיל פון א פוקס—נאמנות,
צוויי פעסער מיט וואָדקע און קוואס . . .

און גאָט האָט צונויפגעמישט אלעס צוזאמען,
ארויפגעשטעלט קאָכן אין העלישע פלאמען
אויף לילית'עס ברענענדן שוים . . .
און . . . קוים זענען ניין חדשים פאראיבער,
די צייט פון דער קייסערינ'ס „הייליקן עבור",
ז'פון דאָרט—דער נאסליעדניק ארוים.

1908

## וואָס טוט מען?

אין לאנד פון די צארן
האָב איך, אומדערפארן,
געלערנט די אידישע יוגנט:
אין הערצער פון קינדער
האָב איך (זעלבסט א זינדער)
געפלאנצט דאָרט די קערנער פון טוגנט.

און זייערע מוחות,
וואו גייסטיקע כוחות
הויבן נאָר-וואָס זיך אָן צו אנטוויקלען,
האָב איך, צו דערלאנגען,
געריסן מיט צוואנגען,
אום גיכער פונאנדערצואוויקלען,

און, ווי אין א פארעם,
האָב פילעם פון ספרים
אהינצו אריבערגעגאָסן:
לעגענדן, חשבונות,
א דריי פיר לשונות,
(כאָטש גרינדלאך קען זעלבסט איך קיין לשון)

און איך האָב געטראַכט שוין,
אַז איך בין אַ מאַכט שוין —
געוואַגט שוין פון פרייהייט צו ריידן . . .
קומט אָן אַ געוויטער,
צעשטערט מיינע גיטער,
און וואַרפט מיך אַרויס פון גן־עדן . . .

פאַרוואָגעלט, פאַרטריבן
פון פאַטערלאַנד ליבן
צוזאַמען מיט ווייב און מיט קינדער;
בין איך אין דער מדינה
פון צאָללאָזע גרינע
אַוועק זוכן רוע געשווינדער.

„אָט דאָרט וועל איך לעבן,
און האָפן און שטרעבן,
מיט אַלע מיינע לאַנדסלייט צוזאַמען:
דאָס לאַנד איז אַ נייע,
געזעצן דאָרט פרייע
פאַר אַלע נאַציאָנען און שטאַמען.“

שוין מער ווי אַ שמיטה,
זינט איך האָב אַ שליטה
אין „יענקי׳ס“ געבענטשטער מדינה;
דאָך פיל איך אַ ג ר זיך,
וואוהין נאָר איך קער זיך —
מיין נשמה איז אַלץ נאָך אַ גרינע . . . .

דאָרט האלט נאָך אין טליעען
א פונק פון אידעען,
צעפלאקערנד זיך אָפטמאָל אין פלאמען, —
אידעען פול שמארצן,
וואָס זיי שטראמען פון הארצן
דורך טרויעריק־קלינגענדע גראמען.

אידעען . . . אידעען
דאָ קאָן מען ניט זעען —
צו טרוקן, צו הארט איז דער באָדן:
די קערנער דאָ פאלן
אויף שטיינער, מעטאלן . . .
די טירחא, די מי נאָר א שאָדן.

די יוגנט דערציען? . . .
(איך זע זי דאָ בליען
מיט פוילע, פארשטונקענע בליטן:
זי ציט אין זיך לייחות,
פון גיפטיקע כוחות —
בארבארישע לערן און זיטן)

גיין לערנען די יוגנט
די שקלאפישע טוגענט
פון גאָלד־זאק און קירך און רעגירונג —
זי זעלבסט זאָל באשיצן
פון שטורעם און בליצן
די רויבערשע, מערדערשע פירונג?! . . .

און לערנען זי . . . שטרעבן
צו וואַרהייט, און לעבן
פאַר די עלנדע, ליידנדע מאַסן —
דיר שטערן די וועכטער
פון „אָרדנונג גערעכטער",
וואָס וואַרהייט און פרייהייט פאַרהאַסן.

* * *

טאָ וואָס-זשע, וואָס טוט מען?
ווי שווייגט מען, ווי רוט מען?
ווי בלייבט מען גלייכגילטיק צום לעבן,
וואו בילדער פול שרעקן,
פול בלוטיקע פלעקן,
פאַר דיר יעדן אויגנבליק שוועבן —

פון רוקענס פאַרקרומטע,
פון צונגען פאַרשטומטע,
פון אויגן פול בלוטיקע טרערן;
פון גלידער צעדריקטע
און קרעכצן פאַרשטיקטע
פון קרבנות אָן צאָל (ווי די שטערן)

וואָס פאלן געשווינדער
ווי׳ן שלאכט פעלד די רינדער —
אויף מארס׳עם און מאמאנ׳ס מזבחות?! . . .
יאָ, זאָגט מיר: וואָס טוט מען?
ווי שווייגט מען? ווי רוט מען
אין מיטן פון טייוועלשע כוחות?!

1908

# דער שטראָם פון לעבן

וועז מאמע־ערד, נאָך זומער ארבעט,
דורך הארבסט און ווינטער נעמט זיך רו,
און מיט באנייטע, פרישע קרעפטן
צו נייער שאפונג גרייט זיך צו;

ווען אלץ אין קעניגרייך פון פלאנצן,
פון קלענסטן גרעזל ביז גרעסטן בוים,
מיט שניי באדעקט, אין אייז פארקאָוועט,
שלאָפט רואיק, שטיל, און אָטעמט קוים, —

דאן דרעמעלט, שלאָפט אויך מיין נשמה:
מיין מארך, פארגליווערט, קוים זיך רירט;
מיין גייסט, וואָס שטעלט מיך פון חיה העכער,
זיין אייגענעם ז י י ן קוים, קוים דאן שפירט.

* * *

נאָר אָט, פון פרילינג'ס זון געצערטעלט,
האָט שניי און אייז די ערד פארלאָזט,
און . . . שנעל באוועגט זיך שוין מיין מוח,
מיין גייסט האָט זיך באפרייט פון פראָסט.

און קוים האָבן עטלאכע גרינע גרעזלאך
באוויזן זיך אויף מיין קליינעם הויף —
האָט מיין פארוויאלעטע נשמה
זיך שוין א הויב געטאָן ארויף.

א טיפער שטראָם פון נייעם לעבן
רייסט האסטיק זיך צו מיר אין הארץ,
און ווידער פיל איך דאָרט פולסירן
די וועלטן־פרייד, דער וועלטן־שמארץ.

און כאָטש אין גרענעצלאָזן וועלט־אל
אן אומבאדייטענדער אטאָם,
א נישטיק טיילכל פונ׳ם גאנצן,
א וואסער־טראָפּן אין א תהום,

דאָך פיל איך: מיין פרידן ז׳ענג פארבונדן
מיט׳ן אלגעמיינעם מענטשן־גליק:
פארוואָלקענט זיך דער מענטשהייט׳ס הימל,
פארטונקעלט ווערט מיין לעבנ׳ס בליק.

* * *

טאָ זיי־זשע, פרילינג, מיר ווילקאָמען!
שטראמט, לעבנס־כוואליעס, אין מיין הארץ!
מיט אייך וועט תמיד דאָרט פולסירן
די וועלטן־פרייד, דער וועלטן־שמארץ.

אפריל, 1909

## לאָז־זשע, מאמע . . .

דריי חדרים, פּינצט׳רע, ענגע,
אין א שמאָלער הינטער גאס.
אויף די דילן שפּילט זיך קליינוואַרג,
בארפוס, נאקעט, שמוציק, נאס.

און אין קיך איז פּראָסט א גיהנום:
קוילן ברענען דאָרט אצינד; *)
ס׳באקן זיך אין אויוון חלות
פאר א גרויסער הויז־געזונד.

אויסגעמאטערט און פאר׳חשכ׳ט,
האלב־פארשלאָפן, האלב באוואוסט,
שטופּט א פּרוי איר קינד אין מיילכל
א פארוועלקטע, דארע ברוסט.

ס׳קליינע נפש׳ל ציטערט, דרייט זיך . . .
כאפּט די ברוסט אריין אין מויל,
און, ניט האָבנדיק וואָס צו זויגן,
לאָזט ארויס זי . . . שרייט . . . א גרויל . . .

*) אין א ברענענדיקן יום־טוב.

פלוצלונג טראָגט אין צימער דורך זיך
א דורכדרינגענדער געשריי . . .
רייסט דער מוטער'ס הארץ און מוח,
פילט זי אָן מיט שארפן וויי.

—„ווייז מיר! וואָס האָט דאָרט געטראָפן?
גיכער זאָגט! איך האלט ניט אוים . . ."
לאָזט צו זיי זיך מיט'ן ברעקל
אין די אָרעמס ביי איר שוים.

„מאמע! מ'קאָן דאָס ברויט ניט עסן . . .
עס איז הארט שוין ווי א שטיין:
קיי, און קיי, און קיי — עס גייט ניט —
ס'בלייבט אין האלז דער ביסן שטיין."

—„באק איך דאָך דעריבער חלה:
איר זענט הונגעריק, איך וויים" —
„ס'ווערט דאָך אָבער היים דאָ שרעקלאך . . .
זע, ביסט איינגעטונקט אין שוויים . . .

„פאפא פלעגט דאָך זעלבסט ברויט באקן
אין א קעלער דאָ ניט ווייט,
און פון דאָרטן פרישן זעמל
ברייננגען אונז פון צייט צו צייט.

„וואָס־זשע איז ער, זאָג מיר, מאמע,
אין דער היים איצט יעדע נאכט?
און . . וואָרום, וואָרום איז, מאמע,
יענער קעלער צוגעמאכט?“ —

„אך, מיין קינד! די בעקער סטרייקן,
סטרייקן שוין די זעקסטע וואָך,
און דערפון האָט זיך גענומען
אונזער גרויסער, טיפער בראָך.“ —

„סטרייקן . . . זאָג: וואָס הייסט עס, מאמע?
גי׳ מיר, מאמע, צו פארשטיין!“

—„ווי זאָל איך עס דיר דערקלערן? . . .
איך פארשטיי עס קוים אליין.

„פאפ׳ און די חברים־בעקער
זאָגן: זיי ארבעטן צו שווער,
און די שווערע לופט פון קעלער
דריקט און שטיקט זיי מער און מער;

„און פאר זייער שווערער ארבעט
צאָלט מען זיי צו ווייניק געלט —
ווילן זיי קיין ברויט דעריבער
מער ניט באקן פאר דער וועלט.

„דאָס איז אלעס, אלעס, קינד מיינס,
וואָס דיין בידנע מאמע ווייסט . . .
נו, פארשטייסטו שוין, מיין נחת,
וואָס אזוינס דאָס סטרייקן הייסט?“ —

„יאָ, יאָ, מאמע! איצט פארשטיי איך
וואָס הייסט סטרייקן און . . . מיך פרייט:
פאפא וויל ניט מער אין קעלערס,
ענגע, פינצט׳רע, באקן ברויט.

„נאָר אין נייע בעקערייען,
ליכטיק, לופטיק, הויך און ברייט . . .
טאקע בעסער . . . אויך געשמאקער,
דוכט מיר, וואָלט געווען דאָס ברויט.

„אי, ווען פאפא זאָל נאָך סטרייקן,
ניט צו באקן מער—ביינאכט!
פרייל אך וואָלטן מיר צוזאמען
דאן די אָוונטן פארבראכט . . .

„פאפא, זאָגסטו, וויל מע זאָל אים
פאר דער ארבעט צאָלן מער? —
אי, ווי גוט דאָס וואָלט געווען! . . .
זעץ זיך, מאמעניו, און הער:

„וואָלסט געדונגען שיינע צימערן,
ערגעץ נאָענט פון א פּארק,
אין א ריין, א רואיק געסל,
ווייט פון טומל, ווייט פון מארק;

„וואָלסט געקויפט אונז נייע, שיינע
סוטלאך, קליידלאך, העטקעס, שיך;
נייע העטס, און שיך, און קליידער.
אויך פאר פאפא'ן און פאר זיך.

„און . . . מיר וואָלטן יעדן אָוונט
שפּאצירן דעמאָלט גיין אין פּארק,
הערן מוזיק דאָרט, עסן אייז־קרים . . .
ווייסט דאָך: אייז קרים ליבן מיר שטארק.

„לאָז־זשע, מאמע, פּאפּא סטרייקן,
ביז . . . ער'ט קריגן וואָס ער וויל . . ."

דאָ האָט די אומגליקלאכע מאמע
זיך צעכליפּעט אין דער שטיל.

יולי, 1909

# באַמערקונג צו דער פּאָעמע
# „די מאַסקע פון אַנאַרכיע"

פּערסי ב. שעלי, אַן ענגלישער דיכטער, איז געווען אַ גרויסער פאַרערער, באַוואונדערער און נאָכפאָלגער פון וויליאַם גאָדווין, וועמען די ליטעראַטור קריטיקער פונ'ם נײַנצענטן יאָרהונדערט האָבן אָנגענומען פאַר'ן פאָטער פון דעם פילאָזאָפישן אַנאַרכיזם.

ווי גאָדווין האָט אויך שעלי, ביז דער לעצטער מינוט פון זײַן לעבן, טיף געהאַסט דעספּאָטיע און אונטערדריקונג און לײַדנשאַפטלעך געליבט און פאַרטיידיקט די פרײַהייט.

שעלי איז געבוירן געוואָרן אין 1792 און געשטאָרבן אין 1821, אין איינער פון די אינטערעסאַנטסטע פּעריאָדן פון דער אייראָפּייאישער געשיכטע. עס איז געווען די עפּאָכע פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. עס איז געווען די צײַט, ווען גאַנץ אייראָפּאַ האָט געפירט אַ פאַרביטערטע, עקשנות'דיקע מלחמה קעגן נאַפּאָלעאָנ'ען, וואָס זי האָט זיך געענדיקט מיט דעם, וואָס דער דאָזיקער העכסט מערקווירדיקער מענטש און געניאַלסטער סטראַטעגיקער פון זײַן צײַט (אַנדערע ווילן האָבן: פון אַלע צײַטן) איז ענדלעך געפאַנגען און אויף אייביק פאַרשיקט געוואָרן אויף דעם אינזל סט. העלענאַ.

אין יענע מלחמות האָט ענגלאַנד פאַרשווענדט גאַנצע אוצרות מיט גאָלד, און מער פון אַלעמען האָט דערפון געליטן, נאַטירלעך, דאָס פּראָסטע פאָלק.

די געשיכטע פון ענגלאַנד צו יענער צײַט איז אַ שרעקלעכע: צו די אומדערטרעגלעכע מלחמה שטײַערן און כראָנישן הונגער, וואָס האָט דאַמאָלט געהערשט אין ענגלאַנד, זענען צוגעקומען, אַלס אַ נײַער קוואַל פונ'ם אַרבעטנדן פאָלק'ס לײַדן, נײַע אַנט-

דעקונגען, הויפטזעכלאך ניי־דערפונענע מאשינען אין דער טעקסטיל אינדוסטריע, וואָס זיי האָבן אַרויסגעוואָרפן פילע טויזנטער אַרבעטער פון די פאַבריקן און דורכדעם זיי בארויבט פונ׳ם לעצטן ביסן ברויט. די געדולד פון די אַרבעטער האָט געפּלאַצט, האָבן זיי דעמאָנסטרירט, רעוואָלטירט און אויסגע־לאָזט זייער האַס און צאָרן צו די אומשולדיקע מאַשינען, און די רעגירונג האָט דערויף געענטפערט מיט אומבאַשרייבלאַכער באַרבאַרישער אכזריות און מיט צאָללאָזע תליה׳ס.

דאָס האָט פּאַסירט אין מערץ פון 1818. שוין אין אָנהויב פון יענעם יאָר האָט אין לאָנדאָן, ביי דער דערעפענונג פון פּאַרלאַמענט, אויסגעבראָכן אַ פאָלק׳ס אויפשטאַנד. דער קרוין־פּרינץ, פאָרנדיק צום לאָרדן־הויז, איז אויסגעפייפט געוואָרן. אַ קלאַנג איז אַרויסגעלאָזט געוואָרן, אַז עמיץ האָט פון אַ ביקס אויפ׳ן פּרינץ אויסגעשאָסן, און גלייך האָט די פּאָליציי געמאַכט אויף דער מאַסע אַ בלוטיקע אַטאַקע, ביי וועלכער עס זענען פילע געטויט און אַ סך מער פאַרוואונדעט געוואָרן. און שפּע־טער, אין מערץ, איז אין מאַנטשעסטער, דעם גרעסטן צענטער פון דער טעקסטיל אינדוסטריע פון ענגלאַנד, פאָרגעקומען די בלוטיקע טראַגעדיע, באַוואוסט אין דער געשיכטע אונטער׳ן נאָמען „די מאַנטשעסטער אויסשלאַכטונג“: אַרויסגעוואָרפענע פון די וועבעריי־פאַבריקן, וואו די נאָר־וואָס דערפונענע מאַ־שינען האָבן זייערע פּלעצער פאַרנומען, האָבן די פאַרביטערטע אַרבעטער רעוואָלטירט, זיך אויף שנעל אָרגאַניזירט, און אין גרויסע מאַסן זיך אַ לאָז געטאָן צו מאַרשירן קיין לאָנדאָן. זייער מאַרש איז אָבער שנעל אָפּגעשטעלט געוואָרן דורך באַ־וואַפנטן מיליטער, וואָס האָבן אָנגעמאַכט אין זייערע רייען אַ שוידערלאַכע בלוט־באָד.

צו יענער צייט האָט שעללי געוואוינט אין איטאַליען, אין אַ ווילאַ לעבן לעגהאָרן, אַ קליין שטעטל ביים ברעג פון מיטל־לענדישן ים, פאַרפאַסנדיק אַ פינף־אַקטיקע טראַגעדיע וועגן אַן אמת׳ער פּאַסירונג, וואָס איז אין רוים פאָרגעקומען מיט איבער

דריי הונדערט יאָר צוריק.*) ווען די בלוט־פאַרגליווערנדע נייס פון דער „מאַנטשעסטער אויסשלאַכטונג“ האָט אים דער־גרייכט, האָט ער אוועקגעלייגט אין אַ זייט די „טראַגעדיע“ און אָנגעשריבן „די מאַסקע פון אַנאַרכיע“ (אייגן בלוט איז אַ פּנים נעענטער).

---

די פּאָעמע, לויט'ן אינהאַלט, באַשטייט פון דריי טיילן, כאָטש שעללי זעלבסט האָט די איינטיילונג ניט געמאַכט: 1) אַ וואונדערלאַך סימבאַליש בילד פון די פּאַסירונגען און פון די פּערזאָנען, וואָס זענען פאַראַנטוואָרטלאַך פאַר זיי; 2) אַ מייסטערהאַפטע, העכסט בילדלעכע דעפיניציע פון די ווערטער: „שקלאַפערייַ“ און „פרייהייט“, און 3) אַן אַפּיל צום ליידענדן, בלוטענדן פאָלק . . . ניט צו געברויכן קיין געוואַלט, נאָר זיך באַגניגענען מיט „פּאַסיוון ווידערשטאַנד“ אין קאַמף מיט טיראַניי — אַן אידעע, וואָס קריסטוס, מיט קנאַפּע צוויי טויזנט יאָר פאַר אים, און טאָלסטאָי, מיט עטלאַכע צענדלינג יאָר נאָך אים, האָבן פּונקט אַזוי פייערלאַך און ליידנשאַפטלאַך געפּריי־דיקט, יעדער אויף זיין אייגנאַרטיקן שטייגער.

דאָס וואָרט „אַנאַרכיע“ ווערט פון שעללי'ן אין דער פּאָעמע געברויכט אינ'ם ערגסטן זין פונ'ם וואָרט, אין זין פון אַ תוהו־ובוהו'דיקן, אַ כאַאָטישן, אָרדנונגסלאָזן צושטאַנד פון דער מענטשלאַכער געזעלשאַפט.

---

די אידישע איבערזעצונג מיינע פון אָט דער פּאָעמע, וואָס זי איז דערשינען, אין 1910, אינ'ם מאָנאַטלאַכן זשורנאַל „די פרייע געזעלשאַפט“, האָב איך געמאַכט אויף דער איינלאַדונג פון ש. יאַנאָווסקי'ן, צו יענער צייט רעדאַקטאָר פון דער „פרייע אַרבעטער שטימע“ און אויך פונ'ם דערמאַנטן זשורנאַל.

*) דער נאָמען פון יענער טראַגעדיע איז: "The Cenci". דער קלימאַקס, דער שלוס פון יענער שוידערלעכער פּאַסירונג איז געקומען, מיט דער סאַנקציאָנירונג פונ'ם פּאַבסט קלעמענטיוס דעם אַכטן, אין 1599 יאָר.

אין 1925, ווען אַ פריינט מיינער האָט מיר געהאַט געוועזן פאַרשפּראָכן*) צו שאַפן מיטלען אויף אַרויסצוגעבן מיינע לידער אין אַ בוך פאָרם, האָב איך געמאַכט אַ פולשטענדיקע, גרינדלאַכע רעוויזיע פון אַלע מיינע ביז־דעמאָלט'דיקע שאַפונגען, און די ערשטע איבערזעצונג מיינע פון דער דאָזיקער פּאָעמא, אַ שטריינג ווערטערלאַכע, האָט מיך דאָס מאָל ווייט ניט צופרידנגעשטעלט.

האָב איך אָנגעגורט מיינע לענדן, באַוואָפנט זיך מיט געדולד, און נאָך עטלאַכע נעכט פון אָנגעשטריינגטער אָבער צו דער זעלבער צייט באַגייסטערטער און ליבע־פולער אַרבעט, איז אַרויסגעקומען די איצטיקע, שוין ניט קיין שטריינג ווערטערלאַכע, נאָר אַ פרייע און דאָך צום גייסט פון אָריגינאַל געטרייע, אמת'דיקע איבערדיכטונג: היטנדיק זיך ניט צו שטערן, ניט צו פאַרהאַלטן דעם מעכטיקן שטראָם פון שעלי'ס שפּרודעלדיקן געדאַנקן־און־געפילן־קוואַל, האָב איך דאָך געמאַנעווורירט אַזוי, אַז ער זאָל זיך לייכט, שפּילעוודיק, גראַציעז שלייַנגלען דורך די אידישע פון מיין ווייניקייט געשאַפענע קאַנאַלן.

*) ליידער האָט ער זיין פאַרשפּרעכן דערפילן ניט געקאָנט.

# די מאַסקע פון אַנאַרכיע*)

(אַ פרייע איבערזעצונג פון פּערסי ב. שעללי'ס פּאָעמא אונטער דעם זעלבן נאָמען).

**1**

אזוי ווי איך ליג אין איטאליען פארשלאָפן,
קומט פלוצים א בת-קול פון יענער זייט ים,
און פירט מיך אוועק מיט א גוואלדיקן כח
שפאצירן צו גיין—אין פּאָעטישן טרוים.

**2**

אויפ'ן וועג האָב ר צ י ח ה צוערשט איך באגעגענט,
ווי גראף קעסלריי**) פארמאסקירט;
אויפ'ן קוק אזוי גלאט, אזוי צארט, און דאָך בייז,
פון בלוט-הינט, פון זיבען, באגלייט.

**3**

די הינט זענען אלע געוועזן אזוי פעט,
און מיט טרייהייט ביים זייט פון דער ווירטין געשפּרייזט,—
ווייל זי האָט געגלעט זיי מיט ליבענדע אויגן,
און כסדר פון אונטער איר מאנטל געצויגן
נאָך לעבענדע, זשיפּענדע מענטשלאכע הערצער,
און געוואָרפן ברייטהארציק דאָ איינס און דאָרט צוויי,
און מיט זיי די באגלייטער, די טרייע, געשפּייזט.

*) זע באַמערקונג אויף זייט 124.

**) אַ דעפּוטירטער פון לאָרדן-הויז.

4

באלד נאָך רציחה געקומען  באַטרוג  איז,
ווי ריכטער עלדאָן*) אין א הערמאלין מאנטעל געהילט;
זיינע טרערן די גרויסע (ער׳ט ביטער געוויינט דאַן)
האָבן פאלענדיק פארוואנדעלט אין מילשטיינער זיך.

5

און ליבלאכע קינדערלאך, בלימעלאך צארטע,
וואָס זיי האָבן מיט צוטרוי ארום זיינע פיס זיך
געשפילט און געשטיפט און געלאכט,
האָבן זייערע מוח׳לאך, שוואכע און צארטע,
צעקלאפט און צעשמעטערט אָן די פאלענדע שטיינער,
וואָס זיי האָבן ווי פערל באטראכט.

6

אין א הייליקער ביבעל פארוויקעלט,
ווי אין ליכט און אין נאכט-שאָטנס איינגעהילט,
באלד הינטער זיי האָט  צבוע׳טסטווע
געטראָגן זיך פארביי מיינע אויגן
אויף א רוקן פון א קראָקאָדיל.

7

און נאָך, און נאָך פילע פארניכטענדע קרעפטן
געשפילט האָבן ראָלן אין דעם מאסקאראד,
ווי פריסטער, שפיאָנען, געזעץ-מאכער, נאָבעל-לייט —
קונציק אזוי פארמאסקירט.

*) איינער פון ענגלאנד׳ס העכסטן געריכט.

8

צולעצט איז  אנ א ר כ י ע  רייטענד געקומען
אויף א פערד, אויף א ווייסן, באשפריצטן מיט בלוט;
איר שטערן, די באקן, אפילו די ליפן—
אינגאנצן א בלוטלאָזע, בלאס ווי דער טויט.

9

א קרוין פון א מלכה באדעקט האָט איר קאָפּ;
אין איר האנט האָט א צעפּטער פון גינ־גאָלד געשיינט;
אויף איר שטערן א שילד האָט געלויטעט אזוי:
„איך בין גאָט, דאָס געזעץ און די מלכה אליין!“

10

מיט א שנעלן, א שטאָלצן, א זיכערן גאנג
האָט דורכגעמארשירט זי דאָס ענגלישע לאנד,
צעטראָטן, פארוואנדעלט אין זומפּן פון בלוט
די קינדיש־נאַאיווע, פארטרוילאכע מאסן,
וואָס פארגעטערן הערשער מיט מויל און מיט האנט.

11

פאר׳שכור׳ט פון גיפטיקן וויין פון פארוויסטונג,
פארשפרייט אָן רחמנות אין לאנד אומעטום,
מיט שטאָלץ און מיט פריידן אין יעדער באוועגונג,
טריאומף און נצחון אין יעטווידן בליק,

12

מיט שווערדן פארבלוטיקטע פאָכענד אָן אויפהער,
צו צייגן דער הערשערן פארערונג און טרייהייט, —
האָבן מחנה׳ס סאָלדאטן מיט אייזערנע טריט
דעם באָדן זיך וואקלען און טרייסלען געמאכט.

13

איבער שטעט, איבער פעלדער, פון איין ים צום צווייטן,
האָט די הארדע, די שנעלע, די פרייע, מארשירט,
צעברעכענד, פארניכטענדיק אַלץ אויף איר וועג,
ביז זי האָט לאָנדאָן, די הויפט שטאָט, דערגרייכט.

14

די איינוואוינער, פּלוצלונג פון פאניק פארכאפט,
האָבן זייערע הערצער פארשטאַרבן דערפילט,
דערהערענדיק דעם שוידערלאכן שטורעם געשריי
פון אנארכיע ווילדער, באזויפן פון זיג.

15

ווייל, געקליידט אין מונדירן ווי פלאמען און בלוט,
ז י  האָבן באגעגנט געדונגענע מערדער —
די הערשער פון שטאָט,
מיט פאראד און געזאנג:
„דו ביסט גאָט, דאָס געזעץ און די מלכה פון לאנד!“

16

„אויף דיין קומען, אַ קעניגין גרויסע און מעכטיקע!
האָבן, איינזאם און שוואך,
אזוי לאנג מיר געווארט.
אונזער קאסע איז ליידיק, און קאלט דאָס געווער —
גיב אונז בלוט און נצחון,
גיב גאָלד אונז אהער!“

17

אדוואָקאטן, גלחים, פילפארביק געקליידט,
אויף די קני און זיך בוקענדיק ביז צו דער ערד,
האָבן קוים זיי׳רע ליפּן באוועגט און געפּליסטערט,
ווי א תפלה א שטילע: „ביסט גאָט און געזעץ!“

18

דאן האָבן זיי אין א כאָר זיך פאראייניקט,
און אלע צוזאמען געשריען:
„ביסט קעניגין, הערשערן, גאָט!
מיר בוקן, אנארכיע, אלע צו דיר זיך —
זיי הייליק דיין נאָמען און גרויס דיין געבאָט!“

19

און די ציין אירע חיה׳שע, מורא׳דיק העסלאכע,
שטשירענדיק ווי א סקעלעט,
האָט אנארכיע פארנויגט זיך צו אלע מיט גראציע,
ווי זי וואָלט אויף בלוטיקע פאָלק׳ס מיליאָנען,
אין מלוכה׳שע קרייזן, דערצויגן געוואָרן:
אין שיינע מאניערן און גרויס עטיקעט.

20

ווייל זי האָט געוואוסט:
די פּאלאצן פון מלכים
באלאנגען צו איר, און צו איר נאָר אליין,
צו איר—אלע לענדער,
און צעפּטערס, און קרוינען,
און מאנטלען מיט גאָלד אזוי דורכגעוועבט שיין.

21

און זי האָט געשיקט אירע שקלאפן פּאָראוים,
צו פארכאפּן די באנק און די פעסטונג פון שטאָט,
און געהאט שוין בדעה צונויפרופן באלד
דעם איבערגעגעבענעם איר פּארלאמענט.

22

אלס א וואנזיניק מיידל פליט פלוצלונג פארביי . . .
איר נאָמען איז האָפנונג —
אזוי האָט געזאָגט זי —
כאָטש מער ווי פארצווייפלונג
האָט אויסגעקוקט זי —
און זי האָט פארהילכט מיט איר שטימע די לופט:

23

„מיין מוטער, די צייט,
זי איז גרוי שוין און שוואך,
ארויסקוקענד אייביק אויף בעסערע טעג;
אַט שטייט זי דאָרט, זעט,
ווי א ליימענער גולם,
און פאכט מיט די הענט,
די געליימטע, צום עולם.

24

„זי האָט איינס נאָכ׳ן אנדערן
קינדער געבוירן,
און איינס נאָכ׳ן אנדערן
באלד זיי פארלוירן;
פארוואנדעלט אין שטויב
זענען אלע—חוץ איך:
אומגליק . . . צום לעבן האלט צוגעשמידט מיך.“

25

דאָס וואנזיניק מיידל
האָט דאן אויפ׳ן וועג זיך אוועקגעלייגט,
פונקט פאר די פיס פון די ברענענדע פערד,
מיט געדולד אין די בליקן דערווארטענדיק דעם צוג
פון צבוע׳טסטווע, אנארכיע, מאָרד און באטרוג.

26

און פלוצלונג האָט זיך צווישן איר און די פיינט,
ווי טומאַן פון אַ טאָל אין גאַנץ־פריאיקן זונשיין,
אויפגעהויבן אַ נעפּעל,
אַ שיינונג,
אַ בילד,
אַזוי קליין, אַזוי שוואַך,
אומבאַמערקבאַר צוערשט.

27

און—ווי ווינטן־געטריבענע וואָלקן
וואַקסן אוים אין שנעל פליענדע,
טורעם־געקרוינטע גיגאַנטען,
און, פליענדיק, בלענדען מיט מעכטיקע בליצן
און ריידן צום הימל מיט דונערן־שפּראַך —

28

איז עס אויסגעוואַקסן באַלד
אין אַ וואונדער געשטאַלט,
געהילט אין אַ פּאַנציר,
פיל העלער און גלאַנציקער פון שופּען פון שלאַנגען,
אַרויפצו זיך טראָגענדיק אויף פליגלען,
וואָס זיי שטראַלן ווי רעגן־טראָפּענס,
ווען זיי פאַלן אין שיין פון דער זון.

29

אויף איר קיווער, פון ווייטנס באמערקט,
האָט, ווי ווענוס,
א גרויסער, א ליכטיקער שטערן געגלוט;
זיינע שטראלן
האָבן געזיפּט דורך די פעדערן זיך,
ווי אין פרילינג א שפריי־רעגן פון גאָלדענעם טוי.

30

אויף זעפיר־לייכטע פליגלען האָט שנעל די געשטאלט
פארביינגעשוועבט איבער די מענטשלאכע קעפּ;
איר נאָענטקייט ערגעץ
האָבן אלע געשפּירט . . .
געקוקט און געזוכט זי — אומזיסט:
די לופט רונד ארום זיי
געוועזן איז פּוסט,
און דער בליק איז געפאלן אויף—נישט.

31

ווי בלומען פון אונטער מאי'ס פוס־טריט דערוואכן,
ווי ס'ציטערן די שטערן דורך נאכט'ס לויזע לאָקן,
ווי כוואליעס הויבן אויף זיך, ווען ווינטן זיי רופן, —
אזוי האָבן געדאנקען גענומען וויברירן
דורכאוים וואו די טריט פון געשטאלט, די עפירנע,
האָבן עפּעס דערשפּירט און גענומען בארירען.

32

די מאסע, זיך בוקענדיק,
פארגאפט האָט געבליקט:
ביז אין קנעכל און בלוט, איז איצט האָפנונג,
בארואיקט, בנימוס׳דיק,
פאָרוועדטס, כאָטש לאנגזאם,
געגאנגען איר וועג.

33

און אנארכיע, די מיאוס׳ע, העסליכע בריאה,
איז באוועגלאָז, א טויטע,
געלעגן אויף דער ערד;
דעם טויט׳ס אומקאָנטראָלבארע,
פייעריקע פערד
האָבן געטראָגן אין גאלאָפּ זיך ווי פלאמענדע ווינטן,
און מיט די שווער-וואָגיקע,
מעכטיקע הופען —
די מערדער, וואָס זיי האָבן געדרענגט זיך פון הינטן,
צעטראָטן און צעריבן אין שטויב.

34

פון הערלאכע וואָלקנס א שטראמענדיק ליכט,
א דערוואכענדער איידעלער מענטשלאכער זין,
האָט דערהערט און דערפילט זיך,
און ענדלאך, פול פרייד און פול שרעק, האָבן ווערטער
דערשאלט,

35

ווי זייער אנטריסטעטע מוטער, די ערד,
וואָס געבורט האָט געגעבן די קינדער פון ענגלאנד,
וואָלט דערפילט זייער בלוט אויף איר שטערן
און, שווידערנדיק מיט'ן שמארץ פון א מוטער,

36

וואָלט יעטווידן בלוט-טראָפּ פון אירע געליבטע,
וואָס ער האָט איר פּנים באדעקט ווי מיט טוי,
פארוואנדעלט אין א מעכטיקן שטורעמדיקן קלאנג,
ווי איר גאנצע נשמה וואָלט אויסשרייען הויך:

37

אָ, מענער פון ענגלאד!
איר, יורשים פון גרויסקייט
און העלדן פון פיל אומבאשריבענע טאטן!
איר, זויגלינגס פון איינער,
א מעכטיקער מוטער,
די האָפנונג פון איר און פון אייך, פון אייך זעלבסט —

38

הויבט אויף זיך, ווי לייבן
הויבן אויף נאָכ'ן שלאָף זיך,
אין א מעכטיקער, קיינמאָל באזיגבארער צאָל!
טרייסעלט ארונטער
פון זיך אייערע קייטן
ווי טוי, וואָס באדעקט ווען עס איז אייך אין שלאָף!
איר זענט א רבים,
א הייפעלע — זיי.

39

„וואָס, זאָגט, איז פ ר י י ה י י ט?
איר ווייסט, איר ווייסט גוט וואָס עס מיינט שקלאַפעריי;
ווייל איר נאָמען אליין איז געוואָרן אַן עכאָ,
א ווידער-קול פון אייערן זעלבסט.

40

„שקלאפעריי—דאָס מיינט שאפן פאר א קלעגלאכן לוין,
וואָס פון טאָג אויף טאָג האלט די נשמה
קוים איין אינ׳ם גוף;
עס מיינט וואוינען ביים לעבן אין קברים,
וואו לייכט, אזוי לייכט קאָן אייך גרייכן
די האנט פון טיראַן.

41

און אזוי פון אייך מאכט ער
אלץ, אלץ וואָס ער וויל:
א ווערק-טיש, א גראָב-אייזן, א סאבע, א שווערד,
און מיט, אָדער אָן אייער אייגענעם ווילן,
פארטיידיקט און שפייזט איר
אייער בלוטיקסטען פיינט.

42

„ס׳מיינט: צוקוקן, ווי איי׳רע שוואכינקע קינדערלאך
מיט זייערע אויסגעדארט-קראנקלאכע מוטערס
אָפט חלש׳ן, פארשמאכטע פון הונגער און קעלט —
זיי שטארבן פיליכט בעת איך רייד דאָ צו אייך.

43

„ס׳מיינט: הונגערן תמיד נאָך שפּייזן אזעלכע,
וואָס רייכע פאַרשווענדער, אין זייער הולטייסטווע,
געבן גערן טאָג-טעגלאַך אין פּרעכטיקע כלים
צו זייערע ליבלינגס—געצערטעלטע הינטלאַך,
אָפּט איבערגעפּרעסענע, פּונקט ווי זיי זעלבסט.

44

„ס׳מיינט: לאָזן דעם גאָלד-שד
פון ארבעט ארויסקוועטשן
טויזנט מאָל מערער,
ווי ער׳ט ווען עס איז
אין די אלטע טיראַנישע צייטן געקאָנט —

45

„מטבעות פּאַפּירענע—כתבים געפעלשטע —
א פעלשונג פון אייערע שטרות, —
וואָס גיבן אַן אייגענטום-רעכט זיי אויף אלעס,
אויף אלעס, וואָס איר
מיט די ווייבער און קינדער
טוט שאפן טאָג-טעגלאַך מיט בלוטיקן שוויים.

46

„ס׳מיינט: האָבן א שוואכע, א שקלאפן־נשמה,
מ ה ־ י פ י ת צו זינגען
פאר שטארקע און רייכע,
ניט זיין באלעבאָס אויפ׳ן אייגענעם ווילן —
זיין אלעס, וואָס יענער
פארלאנגט נאָר און הייסט.

47

„און צולעצט,
ווען איר פרואווט שוין אמאָל זיך באקלאָגן
מיט א שטילן, א שוואכן, א הילפלאָזן מורמל,
דאן מיינט עס:
צו זען דעם טיראנ׳ס טרייע דינער
ווי חיה׳ס, ווי ווילדע, זיך ווארפן אויף אייך —
און שטראמען־ווייס פליסט
אייער בלוט דאן אין טייך.

48

„און דאן, און דאן מיינט עס: א דורשט נאָך נקמה . . .
מיט׳ן שונא צו מאכן
אן אויסטויש א גלייכן: —
פאר אומגליק געליטענעם
אומגליק פארשאפן —
פאר דיין בלוט פארגאָסענעם
זיין בלוט פארגיסן. —
טו דאָס ניט, ברודער,
ווען גאָט האָט געשענקט דיר א שטארקן געוויסן!

49

„פויגעלאך רוען אין נעסטן, אין ווייכע,
פארמאטערט פון פליען
צו זוכן חיונה;
חיה׳ס פארקריכן אין ווארעמע נאָרעס,
ווען שניי, פראָסט און שטורעם
באהערשן די לופט.

50

פאר אייזלען און פערד, פאר חזירים און פיה
ווערט אויסגעשפרייט שטרוי,
און נארהאפטע שפּייז
ווערט געלייגט דאָרט פאר זיי;
אלע ברואים, חוץ איינעם נאָר, האָבן א היים,
און דער דאָזיקער איינער
איז . . . ענגלענדער — דו!

51

„אָט דאָס אלעס, דאָס איז — שקלאפעריי, מיינע ברידער!
און ווילדע אין היילען,
און חיה׳ס אין נאָרעס,
זיי וואָלטן ׳ס קיינמאָל געדולדעט, ווי איר —
ניין! איבלען אזעלכע . . .
האָבן קיינמאָל פאסירט גאָר ביי זיי.

52

„אָבער ד ו, וואָס ביסטו, זאָג, אָ פרייהייט?! —
אך! וואָלטן שקלאפן פון די לעבעדיקע קברים
אויף דער דאָזיקער שאלה אן ענטפער אונז געבן געקאָנט,
וואָלטן דאמאלס טיראנען, דערשראָקן,
פארשוואונדן
ווי טונקעלע, פארבלאָזטע בילדער פון טרוים.

53

„דו ביסט ניט,
ווי די פאלשע נביאים אונז זאָגן,
א שאָטן,
וואָס פליט אין א רגע פארביי,
א גלויבן א פוסטער,
ניט מער ווי א נאָמען,
אן עכאָ פון לאנג שוין באגראָבענעם רום.

54

דו ביסט פאר'ן ארבעטער—
ברויט און א ציכטיקע, ליכטיקע היים,
א טיש א געגרייטער מיט גוטע מאכלים,
וואוהין ער קומט טעגלאך,
פון ארבעט א מידער,
דעם הונגער צו שטילן,
צו שטארקן די גלידער.

55

„דוָ ביסט—קליידער און הייצונג,
א וואוינונג א גראָמע
פאר נידערגעשלאָגענע ליידענדע מאסן —
ניין, ניין! אין די לענדער אין אמת'ן פרייע,
דאָרט זעט מען ניט פאלן קרבנות פון הונגער,
ווי'ן ענגלאנד דעם רייכן,
אויף יעטווידן שפּאן.

56

„פאר'ן גביר ביסטו, פרייהייט —
א שטיין אויף זיין וועג:
שטעלט זיין פוס ער אוועק אויפ'ן האלז פון זיין קרבן,
דאן מאכסטו אים שווידערן
מיט טויטלאכן שרעק,
ווי ער וואָלט געטראָטן
א שלאנג אויפ'ן עק.

57

„דו ביסט—גערעכטיגקייט —
דיינע געזעצן, די ערלאכע,
קיינמאָל פארקויפט מען פאר גאָלד,
ווי זיי ווערן אין ענגלאנד טאָג-טעגלאך פארקויפט:
סיי אָרעם, סיי רייך,
דו באשיצסט אלע גלייך.

58

„דו ביסט—ווייזהייט, די חכמה אליין:
מענטשן פרייע וועלן קיינמאָל ניט טרוימען,
אז גאָט וועט פאַרדאַמען די מענטשן,
וואָס האלטן פאר ניט אמת די לעהרען,
וועגן וועלכע די פרומע גלחים
מאכן ליארעם און טומעל אָן שיעור.

59

„דו ביסט—פרידן:
דורך דיר וואָלט מען קיינמאָל פארשוועגדט און פארגאָסן
פאָלק׳ס רייכטום און בלוט,
ווי דורך יענע טיראנען,
וואָס זיי האָבן זיך פאראייניקט
צו אויסלעשן אין פראנקרייך דיין געטלאכן פלאם.*)

60

„און וואָס איז אויב ס׳האָט ענגלישע ארבעט און בלוט
דאָרט געשטראָמט ווי א מבול?
ס׳האָט געהאָלפן פארטונקלען אביסל דיין שיין,
אָבער אויסלעשן אין גאנצן דיך,
דאָס—קיינמאָל, אָ ניין!

*) די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע. זע באַמערקונג צו דיזער פּאָעמע.

61

„דו ביסט—ליבע: געקושט דיינע פיס האָבן רייכע,
און, ווי יענער וואָס קריסטוס׳ן נאָכגעפאָלגט האָט,
זיי׳רע אוצרות פארטיילט צווישן פרייע
און נאָכגעפאָלגט דיר אויף דיין דאָרניקן וועג;

62

„אָדער, שמידענדיק וואפן פון אייגענעם רייכטום,
האָבן קריג צוליב דיר זיי,
אָ, פרייהייט געליבטע!
צו ק ר י ג, צו ב א ט ר ו ג און צו ר יי כ ט ו ם דערקלערט,
צום קוואל פון דער מאכט,
פון זיי זעלבסט איצט פארדאמט.

63

„מיט ג ע ד א נ ק און מיט וו י ס ע נ ש א פ ט און פ אָ ע ז י,
מיט די דאָזיקע לאָמפּן
באלייכטסטו דעם גורל פון יענע,
וואָס וואוינען אין פינסטערע בודעם,
אין פריד און הארמאָניע מיט׳ן לעבן און זיך זעלבסט!

64

„דו ביסט—גייסט, און געדולד,
דו ביסט צערטלאכקייט זיסע,
אליץ, אליץ וואָס דאָס לעבן פארפיינערט, באצירט —
לאָזן טאטן, ניט ווערטער בלויז,
אויסדריקן די אליץ איבערשטייגענדע ליבלאכקייט דיין.

65

„לאָז אויף ערגעץ א פּלאַץ פון׳ם ענגלישן באָדן,
וואו ענדלאָזע לאַנקעס
ווייט שטרעקן זיך אויס,
א פאַרזאַמלונג א גרויסע פון פּורכטלאָזע, פרייע,
לאָזן הערן איר שטים.

66

„לאָז דער הימל פון אויבן,
יענע חופּה די בלויע,
און אונטען די ערד,
אָט דער טעפּיך דער גרינער,
לאָז אַלעס, וואָס אייביק געדויערן מוז,
זיין עדות פון יענער אַלווichטיקסטער שעה.

67

„פון פאַרוואָרפענע ווינקלען פון ענגלישן לאַנד
אויף די ברעגען פון שטורעמדיקן ים,
פון יעטווידער בודע, און דערפל, און שטעטל,
וואו אַלע,
וואָס לעבן און ליידן,
באוויינען דעם ביטערן,
פרעמדן און אייגענעם, שיקזאַל;

68

„פון יעדער פאבריק, יעדן שאפ, יעדע טורמע,
וואו קינדער, און פרויען,
יונגע און אלטע,
בלאס ווי די טויטע פון קברים ארויס,
פון ווייטאָגען קרעכצן און וויינען פון קעלט;

69

„פון די שמוציקע לעכער פון קלעגלאכן לעבן,
וואו יעטווידער פעכט דעם אלטעגלאכן קאמף
מיט קליינלאכע זאָרגן און קליינלאכע נויטן —
דעם קאמף, וואָס פארפלאנצט אין די מענטשלאכע הערצער
פון קנאה
און שנאה
דאָס גיפטיק געוויקס;

70—71

„און, צולעצט, פון די פרעכטיקע, רייכע פאלאצן,
וואוהין עס פארטראָגט זיך פון ווייטן,
ווי שטורעמדיקע קלאנגען פון וואָיענדע ווינטען,
דאָס מורמלען פון אומגליק,
און קלינגט ווי א ווידער־קול אָפּ
אין די ענדלאָזע, תפיסה־געפורעמטע זאלן,
פול רייכטום און מאָדע,
וואו וויניגע דערפילן אמאָל אזא מיטלייד פאר יענע,
וואָס שקלאפן, און קרעכצן, און קלאָגן,
אז עס מאכט זיי׳רע אייגענע
בלאסן פאר שאנד. —

72

„איר אלע,
וואָס לײדעט פון צאָללאָזע אײגענע צרות,
צו פון צוקוקן און פילן,
ווי דאָס אומגליקלאך לאנד, דאָס געליבטע,
געקויפט און פארקויפט ווערט
פאר א פרייז פון בלוט און גאָלד —

73

„נעמט אלע צונויף זיך, פאראייניקט אין מאסן,
און הייליק און פייערלאך שווערט,
און מיט ווערטער געציילטע דערקלערט,
אז איר זייט קיין שקלאפן,
אז איר וועט פארבלייבן
ווי גאָט האָט באשאפן אייך — פריי.

74

„לאָזן אייערע מעכטיקע, איינפאכע ווערטער
זיין שארף צו פארוואונדן,
ווי שווערדן געשארפטע,
און ברייט ווי די שילדן,
אום אייך צו באשיצן,
מיט זייערע שאָטנס פארשטעלענדיק אייך.

75

„מעגן טיראַנען מיט שנעלן, דערשיטערנדען געררויש —
ווי דער ים, פון די ברעגן באַפרייט,
אין זיין שטורעמדיקן, וויטענדן צאָרן —
פאַרפּלייצן ארום אייך מיט זעלנערשע מחנה׳ם,
באַלאָדן מיט מאָרד־וואָפן פון קאָפּ ביז די פּיס;

76

„מעגן קאַנאָנען געלאַדענע
לויפן און פליען אַזוי,
אַז די לעבנסלאָזע לופט
זאָל זיך דוכטן באַלעבט מיט׳ן רוישן און קלאַפּן
פון שטאָלענע רעדער
און אייזערנע הופען פון ברענענדע פערד;

77

„מעגן קוקן, געצילטע אויף אייך,
באַיאָנעטן מיט גליהענדע בליקן פון פלאַם פון באַגער —
מיט אייער בלוט צו באַנעצן
די גלאַנציקע שפּיצן,
ווי איינער, וואָס הונגערט,
קוקט זשעדנע אויף שפּייז;

78

„מעגן רייטער־קינזשאלן
זיך דרייען און בליאסקען,
ווי בלאנדזשענדע שטערן אין הימלשן רוים,
און דורשטן צו אויסלעשן
זייערע פלאמען
מיט ים׳ען
פון קרעכצן און טויט־שמארץ און קלאָג —

79

„איר . . . שטייט שטיל און געלאסן,
אנטשלאָסן און רואיק,
ווי א וואלד, א געדיכטער, א שטומער, אין טאל,
מיט געשלאָסענע אָרעמס
און רואיקע בליקן,
וואָס זענען אין קריג אומבאזיגבאר געווער.

80

„און לאָז פאניק,
וואָס זי יאָגט מלחמה־פערד איבער,
דורכגיין דורך אייערע פורכטלאָזע רייען,
ווי א פליענדער שאָטן,
אומבאמערקט, אומגעאכט.

81

„לאָזן שטעלן צווישן אייך זיך, ווי בוררים ווייזע,
די געזעצן פון אייגענעם לאנד,
און ערלאך און פרידלאך פארענדיקן אויף תמיד
די ביטערע, שארפע מחלוקת,
וואָס ציט צווישן אייך זיך פון דור־דורות אָן;

82

„די אלטע געזעצן פון ענגלאנד,
וואָס זייערע בכבוד'ע קעפּ
זענען גרוי שוין פון יאָרן, פון יאָרן א סך, —
די קינדער פון ווייזערע צייטן,
וועמענס ערנסטע שטימע מוז זיין —
אן עכאָ, אָ פרייהייט, פון דיין.

83

„און אויף יענע, וואָס זיי וועלן די ערשטע מיסהאנדלען
די היילקע שליחים פון לאנד,
וועט דאָס אומשולדיק בלוט, דאָס פארגאָסענע, פאלן —
און ס'וועט זיכער ניט פאלן אויף אייך.

84

„און אויב דאן וועלן וואגן די הערשער־טיראנען,
טאָ לאָזט אין דער מיט זיי,
אין אייערער, קומען,
און שניידן, און שטעכן,
און האקן, און ברעכן —
אלץ, אלץ, וואָס זיי גלוסט זיך נאָר, לאָזן זיי טאָן.

85

„די אָרעמס צונויפגעלייגט,
רו אין די בליקן,
אומדערשראָקן און ניט איבעראשט,
אומפארווירט קוקט זיי אָן,
ווי זיי מאָרדן און שלאכטן,
ביז וואנען דער וואוט וועט פארשטארבן אין זיי.

86

„דאן וועלן צוריק זיי זיך אומקערן מיט שאנדע,
אהינצו, פון וואנען זיי זענען געקומען,
און דאָס בלוט, דאָס פארגאָסענע,
שרייען פון זיי וועט
דורך בלוטרויטע פלעקן אויפ׳ן שטערן ביי זיי.

87

„אלע פרויען פון לאנד
וועלן טייטלען אויף זיי מיט פאראכטונג און האס,
און זיי וועלן זיך שעמען באגריסן באקענטע,
זיך שעמען פארווײלן אין גאס.

88

„און די דרייסטע, די בראווע און טרייע סאָלדאטן,
וואָס זיי האָבן אומארמט
אין קריג די געפארן,
זיך שעמענדיק מיט זייער מיאוס׳ער חברותא,
וועלן צוריק גיין צו יענע,
וואָס ווילן זיין פריי.

89

„און די זידנדיקע,
ברענענדיקע,
פלאמענדיקע שלאכט יענע,
זאָל א קוואל פאר'ן פאָלק פון באגייסטערונג זיין,
און זאָל גיסן זיך אין א פּראָפעטישער שפּראך,
און זאָל ווייט לאָזן הערן זיך,
ווי א וואולקאן.

90

„און די ווערטער די דאָזיקע
זאָלן דאן זיך פארוואנדלען
נ' א דונערדיקן אורטייל
פאר טיראניע און דעספּאָטי,
דורכדרינגענדיק דורך הארץ און דורך מוח,
און קלינגענדיק ווי מעכטיקע לידער,
זיך הערענדיק ווידער, און ווידער, און ווידער:

91

„הויבט אויף זיך, ווי לייבן
הויבן אויף נאָכ'ן שלאָף זיך,
אין א מעכטיקער, קיינמאָל באזיגבארער צאָל!
טרייסעלט ארונטער
פון זיך איי'רע קייטן,
ווי טוי, וואָס באדעקט ווען עס איז אייך אין שלאָף!
איר זענט א רבים,
א הייפעלע — זיי.

1910

# באמערקונג צו דער פּאָעמא
# „דער אייראָפּייאישער קאָנצערט“

אָט די פּאָעמא האָב איך אָנגעשריבן צוויי חדשים נאָכ׳ן אויסברוך פון דער לעצטער וועלט־מלחמה, די גרעסטע און שרעקלאכסטע, וואָס די וועלט־געשיכטע האָט ווען עס איז פריער פארצייכנט. און אויב אין אייער זכרון, חשוב׳ער לייענער, זענען שוין מער־וויניקער פארטושט די בילדער פון יענע פאַטאלע פאסירונגען, מיט וועלכע די וועלט־מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן, וועל איך זיי איצט, מיט אייער דערלויבניש, פאר אייך אביסל אָפּפרישן.

מיר מוזן אָבער פריער א בלעטער טאָן די געשיכטע אויף א האלבן יארהונדערט צוריק.*)

אין 1878, נאָך דער רוסיש־טערקישער מלחמה, האָט עסטרייך, לויט א באשלוס פון דעם בערלינער טראקטאט, וואו דער שלום צווישן יענע צוויי לענדער איז געשלאָסן געוואָרן, אקופּירט באָסניע און הערצאָגאָווינע, וואָס האָבן פריער געהערט צו טערקיי, און געקראָגן דעם מאנדאט צו פארוואלטן זיי פאר אן אומבאשטימטער צייט, אָבער מיט באגרעניצטע רעכט. מיט דרייסיק יאָר שפּעטער, אין 1908, נעמט עסטרייך און איבערראשט אלע אירע שכנים (אלע, חוץ, אפשר, דייטשלאנד...) —אנעקסירט יענע לענדער און פארוואנדלט זיי אין עסטרייכשע פראָווינצן.

דאָס האָט שטארק אויפגערודערט סערביען, וועמענס אונטערטאנען שטעלן מיט זיך פאָר א גרויסע טייל פון דער באַפעלקערונג פון יענע לענדער, און זי האָט כסדר גע׳חלומ׳ט

*) די דאטן און פאקטן אין דער דאזיקער באמערקונג זענען גענומען פון ישעיה אוגער׳ס ארטיקל „דער שאָס וואָס האָט ארויסגערופן דעם וועלט־קריג“ אין מארגן־זשורנאל“ פונ׳ם 11טן סעפּטעמבער, 1932. ע. ס.

װעגן אַ גרױס־סערביען, װאָס זאָל אײנשליסן אין זיך אױך יענע פּראָװינצן. פון דעמאָלט אָן האָבן די סערבישע נאַציאָנאַליסטן דערפילט אַ טיפע שנאה צו עסטרײך און זיך אָרגאַניזירט אין געהײמע פּאַטריאָטישע גרופּן מיט׳ן צװעק צו באַפרײען די דאָזיקע פּראָװינצן פון עסטרײכ׳שן יאָך.

רוסלאַנד, װאָס זי האָט זיך אימער געהאַלטן פאַר דער באַשיצערן פון אַלע סלאַװיש־פּראַװאָסלאַװישע פעלקער פון די באַלקאַנען, האָט הױך פּראָטעסטירט געגן דער אַנעקסיע, און עס האָט שױן כמעט געהאַלטן בײ אַ מלחמה צװישן איר און עסטרײך. האָט זיך אָבער דײטשלאַנד אָפּן געשטעלט אױף עסטרײכ׳ס זײט, און רוסלאַנד, אַ דערשראָקענע, האָט אױפגעגעבן אירע מלחמה־פּלענער.

און דײטשלאַנד אַלײן: פון אײן זײט איז געװען פראַנקרײך, אין װעמען עס האָט געברענט צו איר דאָס פײער פון האַס און די דורשט נאָך נקמה זינט זײער מלחמה אין 1871, װען די ערשטע האָט אָפּגעריסן פון דער לעצטער די פּראָװינצן עלזאַס און לאָטארינגיע און דערצו נאָך געצװאונגען זי באַצאָלן איר אַ גאַנצן ביליאָן גאָלדענע פראַנק שאָדנערזאַץ, און פון דער צװײטער זײט ענגלאַנד, װעלכע האָט געקוקט מיט קנאה און פאַרבאָרגענער מורא אױף דעם שנעלן, אומגעהױערן װאוקס פון דײטשלאַנד׳ס אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען און דער קאָלאָסאַלער אַנטװיקלונג פון איר קאָמערציעלער און מיליטערישער פלאָטן.

אָט די אַלע, אײנע צו דער אַנדערער פײנטלעכע, גרױסמאַכטן האָבן זיך כסדר, יאָר אײן און יאָר אױס, אַלץ מער און שטאַרקער באַװאָפנט און נאָר געװאַרט אױף אַ גינסטיקן מאָמענט, װאָס זאָל זײ ברײנגען אין אָפענעם צוזאַמענשטױס. און יענער פאַטאַלער מאָמענט איז, ענדלעך, געקומען.

צום סוף יוני פון 1914 האָט פּראַנץ יאָזעפ׳ס קרױן פּרינץ מיט זײן װײב בײגעװאױנט די מיליטערישע מאַנעװערס אין באָסניע, און דעם 28טן פון יענעם חודש האָבן זײ באַזוכט

סאראיעווא, די הויפּט־שטאָט פון יענער פּראָווינץ, וואו די שטאָט פארוואַלטונג האָט פאַר זיי צוגעגרייט אַ גרויסאַרטיקן קבלת־פּנים, — אַ קבלת פּנים, וועלכער האָט זיך זייער טראַגיש פאַרענדיקט.

זיצנדיק אין זייער פּרינצלעכן אויטאָמאָביל, אויף זייער וועג פון ראטהויז (סיטי האָל), וואו זיי האָבן געקראָגן דויערנדע באַגייסטערטע אָוואציעס, האָט עמיצער פון צווישן דעם טויזנט־קעפּיקן עולם עטלעכע מאָל אויסגעשאָסן פון אַ רעוואָלווער און שטערבלעך פאַרוואונדעט דאָס פּרינצלעכע פּאָר. זיי זענעןביידע געשטאָרבן נאָך איידער מען האָט זיי געבראַכט אין נאָענטסטן שפּיטאל.

דער מערדער איז געווען אַ סערבישער 19־יאָריקער גימנאַזיסט, אַ מיטגליד פון אַ געהיימער נאַציאָנאַליסטיש־פּאַטריאָטישער אָרגאַניזאַציע.

און דעם 25טן יולי איז שוין כמעט גאַנץ אייראָפּע געווען פולשטענדיק מאָביליזירט, און פינצטערע דראָהענדע פּאַסירונגען האָבן זיך ווי אַ ווילדער שטורם פונאַנדערגעטראָגן איבער׳ן באַלקאַנישן האַלב־אינזל און אַנדערע לענדער פונ׳ם מזרח־און־דרום־מערב׳דיקן טייל פון אייראָפּאַ, און זיך באַלד פאַרוואַנדלט אין אַ שרעקלעכן מלחמה־אוראַגאַן, וואָס האָט אָן אויפהער געבושעוועט כמעט פיר יאָר, פאַרזייענדיק דאָרט אַלע פעלדער און וועלדער מיט מיליאָנען און מיליאָנען הרוגים, און אָנפילנדיק אַלע שטעט און שטעטלאַך און דערפער מיט צענדלינגע מיליאָנען קאַליקעס, אלמנות און יתומים, און צעשטערנדיק גאַנצע לענדער און פאַרניכטנדיק דאָס האָב־און־גוטס, וואָס עס האָט געגומען דורות און דורות צו באַשאַפן.

אָט יענע פּאַסירונגען, אייגנטלאַך נאָר דעם אָנהויב, די התחלות פון די פּאַסירונגען, וואָס זיי האָבן איינע די אַנדערע דורכגעקרייצט, איינע אין די אַנדערע זיך געקייטלט, און די גאַנצע וועלט מיט זייער קאַליידעסקאַפּישער שנעלקייט פאַר־

טומלט און פאַרבלענדט, — האָב איך, אין דער דאָזיקער פּאָעמע, געמאַכט אַ פּאַרזוך צו פאָרמולירן, צו געבן זיי אויסדרוק דורך יענע מעכטיקע שטימען פון'ם „אייראָפּייאישן קאָנצערט", וואָס זיי וועקן און רופן די זעקס אָנגערופענע אין דער פּאָעמע לענ־דער — וואָס גיכער, וואָס שנעלער אַן אַנטייל צו נעמען אין יענער שווידערלאַכער טייוולשער וואַקכאַנאַליע.

און די זיבעטע, פון אָנפאַנג אַ שוואַכע, קוים הערבאַרע שטימע, — דאָס איז שוין ניט מער ווי . . . אַ „חזיון", אַ וויזיע, אַ שוואַכע אָפּשפּיגלונג פון דער נאָענטער צוקונפט, וואָס מיין פאָרשטעלונג'ס קראַפט האָט מיר דאַן געצייגט דורך דעם געדיכטן, כמעט אומדורכדרינגבאַרן נעפּל פון יענע בלוטיקע פּאַסירונגען, וואָס זיי האָבן מיט יעדן טאָג, מיט יעדער שעה אָנגענומען אַלץ גרעסערע, אַלץ שרעקלאַכערע, אַלץ מער און מער קאַטאַסטראָפאַלע פאָרמען.

# דער אייראָפּייאישער קאָנצערט*)

(אויפגעפירט סוף יולי פון 1914)

ערשטע שטימע:

אָ, קינדער פון פאטערלאנד טייערן, ליבן!
צו ווייסט איר? . . . איר זענט דאָך יתומים געבליבן —
דער קרוין־פּרינץ, דער קרוין־פּרינץ דערשאָסן . . .
אויפ׳ן באָדן, וואו ס׳טרעטן די אומריינע סערבן,
ניט וועדט צו באַרירן די עסטרייכ׳שע הערבן,
האָט האַפּסבורגער בלוט זיך געגאָסן.

פראנץ־יאָזעף׳ס נאסליעדניק . . . דער יורש העצר,
וואָס ער וואָלט פיליכט נאָך א נבוכדנצר
א צווייטער אין זיין צייט געוואָרן. —
צו וואפן, אָ פאטערלאנד׳ס בירגער געטרייע!
און, שולטור צו שולטער, א ריי נאָך א רייע,
געהאָרכזאם דעם שלאכט־רוף פון האָרן —

באפאלט זיי, די סערבן! פארטיליגט! פארניכטעט!
צו גאָט און צום קייזער זענט איר עס פארפליכטעט:
גייט, נעמט פאר׳ן קרוין־פּרינץ נקמה!
אויב איר לאָזט די סערבן צו לעבן אין פרידן,
וועט זיין בלוט, דאָס פארגאָסענע, אייביק דאָרט זידן,
ניט האָבן קיין רו—זיין נשמה . . .

*) זע באמערקונג אויף זייט 155.

כ אָ ר :

עס קראַכן קאַנאָנען אויף ים און יבשה,
ס׳גיסט טייכן־ווייס בלוט זיך...קיין אומגליק...נישקשה:
דאָס נעמט מען פאַר׳ן קרוין־פּרינץ נקמה.
עס פאַלן אומשולדיקע מענטשן ווי פליגן,
בערג טויטע, פאַרוואונדעטע אומעטום ליגן —
קרבנות צום גאָט פון מלחמה.

צ ו ו י י ט ע  ש ט י מ ע:

אָ, קינדער פון הייליקן רוסישן גלויבן!
האָרכט איין זיך! . . . עס דונערט אַ שטימע פון אויבן —
די שטים פון איסוס׳ן כריסטאָס׳ן:
„פון עסטרייך־אונגאַרן באַרבאַרישע האָרדן
די סערביער־סלאַוון באַפאַלן און מאָרדן,
איי׳רע ברידער און גלויבענ׳ס־גענאָסן.

„טאָ בעט אייער צאַר, פּראַוואָסלאַוויע׳ס באַשיצער,
פון גרענצלאָזן רוסלאַנד אַליין דער באַזיצער,
אָ, בעט אים — קיין צייט צו פאַרלירן!
אָ, לאָז ער פאַרזאַמלען סאָלדאַטן מיליאָנען,
באַוואָפענט מיט ביקסן, באַגלייט פון קאַנאָנען,
און תיכף, די רגע מאַרשירן,

„מיט תפלה׳ס און שבחים, צו יעטווידן גרעניץ
פון עסטרייך פארהאסטן (דאָס לאנד ווי א געניץ
אנטקעגן דער גרויסער ראָסייע)
און . . . ראטעווער אייערע ברידער, די סלאוון!
אז ניט—וועט דער פיינט זיי אויף אייביק פארשקלאפן,
פארניכטענדיק זייער ארמייע."

כ אָ ר :

עס קראכן קאנאָנען אויף ים און יבשה,
ס׳גיסט טייכן-ווייס בלוט זיך...קיין אומגליק...נישקשה:
דאָס נעמט מען פאר סערביען נקמה.
עס פאלן אומשולדיקע מענטשן ווי פליגן,
בערג טויטע, פארוואונדעטע אומעטום ליגן —
קרבנות צום גאָט פון מלחמה.

ד ר י ט ע ש ט י מ ע :

ווילהעלם דער גרויסער! ווילהעלם דער גרויסער!
פון גרעסטן קולטור-פאָלק, פון דייטשן דער קייסער,
דער שריפטשטעלער, דיכטער און דענקער!
דערוואך! קוק ארום זיך! קיין צייט איצט צו שלאָפן:
דאָרט טראָגט זיך א שטורעם פון מזרח און צפון,
פון לאנד פון אל-רוסישן הענקער,

געטריבן פון ברענענדע העלישע ווינטן,
פול שרעקן פון פארענט, פארניכטונג פון הינטן —
די מחנה׳ס פון רוסן־וואנדאלן.
זיי פליען מיט שנעלקייט פון דונער און בליצן . . .
מיט פלאמען פון גיהנום די ערד זיי באשפריצן,
אַט וואו זיי׳רע בליקן נאָר פאלן.

באפאלן וועלן באלד זיי די עסטרייך, די קליינע,
און זיכער אויך דייטשלאנד, איר קרובה און שכנה,
אוןביידן, וויי! דראָהען מפלה׳ס . . .
טאָ לויף און פארצאם אלע וועגן אויף דר׳ ערד זיי!
לויף שנעל און באגעגן מיט פייער און שווערד זיי! —
מיט מעכטיקע דייטשע חילות!

כ אָ ר :

עס קראכן קאנאָנען אויף ים און יבשה,
ס׳גיסט טייכן־ווייס בלוט זיך...קיין אומגליק...נישקשה:
דאָס נעמט מען פאר׳ן קרוין־פרינץ נקמה.
עס פאלן אומשולדיקע מענטשן ווי פליגן,
בערג טויטע, פארוואונדעטע אומעטום ליגן —
קרבנות צום גאָט פון מלחמה.

פערטע שטימע:

„אָ, קינדער פון גרויסער פראנצויזישער נאציע!
די מוטער פון אמת׳ער ציוויליזאציע,
וואָס שטעלט פון אלץ העכער די פרייהייט.
איר׳ט אייער פאטערלאנד טייערן, ליבן,
וואו פרייהייט׳ס מגילה מיט בלוט איז געשריבן,
געשוואוירן דאָך אייביקע טרייהייט —

טאָ שנעלער פארזאמעלט ארום אייער פאָן זיך!
א ווילדע, ברוטאלע הריגה הויבט אָן זיך
אין בעלגיען—אונזער׳ס א שכן . . .
די דייטשן — פון פעלקער-רעכט הוזק׳ן, שפעטן:
נייטראלע, ווי פיינט, וועלן זיי גערן צעטרעטן,
דערנידעריקן און אונטעריאָכן.

צעשטערענדיק אומשולדיקע בעלגישע נעסטן,
באצוועקן די הונען — מיט אונז זיך פארמעסטן,
באזיגן און נעמען געפאנגען . . .
דער וועג איז א קורצער . . . אָט קוקט אין די מאפעס:
פון בעלגיען קיין פראנקרייך—א קנאפער תחום-שבת —
פאריז מיט דער האנט צו דערלאנגען.

טאָ לאָמיר, פארגעסנדיק קלאסן און ראנגען,
פאראייניקט און גרייט זיין . . . די הונען עמפאנגען
מיט בליי, און מיט שטאָל, און מיט פייער!
פאר עלזאס און פאר לאטארינגיען — גלידער,
מיט גוואלד פון אונז אָפגעריסן, בירגער און ברידער —
באצאָלן זאָלן איצט זיי אונז טייער.

כאָר:

עס קראַכן קאַנאָנען אויף ים און יבשה,
ס'גיסט טייכן-ווייס בלוט זיך...קיין אומגליק...נישקשה:
אַזוי הייסט דער גאָט פון נקמה.
עס פאַלן אומשולדיקע מענטשן ווי פליגן,
בערג טויטע, פאַרוואונדעטע אומעטום ליגן —
קרבנות צום גאָט פון מלחמה.

פינפטע שטימע:

אָ, איר אונטערטאַנען פון ענגלישן קעניג,
וואָס הערשט און רעגירט אַזוי זעלטן און ווייניק,
ווי ער וואָלט געווען גאָר קיין קעניג! . . .
נאָך איידער ער זעלבסט קומט אייך רופן און בעטן,
טראָגט הילף אים אנטקעגן—אייראָפּע צו רעטן
פון ווערן צום דייטש אונטערטעניק!

די דייטשן באַפאַלן נייטראַלע נאַציאָנען;
זיי טראַמפּלען אויף פרידלאַכע, שוצלאָזע פאָנען —
זאָלן מיר, זאָגט, קיין הילף זיי ניט געבן? . . .
ווי קאָנען מיר קוקן מיט ריינעם געווייסן,
ווי אומשולדיק בלוט טוט זיך טייכן-ווייס גיסן?!
ווי קאָנען מיר רואיק גאָר לעבן?!

אָ, ענגלענדער, נאָבעלע, איידעלע, גוטע!
מיט פרייד גיט אוועק איר די לעצטע דאָך פּרוטה
אויף נאָבעלע, איידעלע צוועקן . . .
נו . . . קאָן דען זיין נאָבעלער, איידעלער, פריינט,
ווי פרייהייט און גלייכהייט׳ס געשוואוירענע פיינט
מיט אייביקער שאנדע באדעקן?! . . .

טאָ לאָמיר מיט אונזערע קריגס־שיפן בעסטע,
פון אלע די זיכערסטע, שטארקסטע און גרעסטע,
באפאלן די הונען פארדאמטע!
פיליכט וועלן אונזערע וואונדער־מאשינען
אריינשפריצן קילענדן מענטשלאכן זינען
אין זייערע מוחות צעפלאמטע . . .

כאָר:

עס קראכן קאנאָנען אויף ים און יבשה,
ס׳גיסט טייכן־ווייס בלוט זיך...קיין אומגליק...נישקשה:
דאָס נעמט מען פאר בעלגיען נקמה.
עס פאלן אומשולדיקע מענטשן ווי פליגן,
בערג טויטע, פארוואונדעטע אומעטום ליגן —
קרבנות צום גאָט פון מלחמה.

### זעקסטע שטימע:

איטאליען פרומע! איטאליען פרומע!
ניט גלויב, ס׳איז דיין פליכט אין א פעלקער־מהומה
צו נעמען אן אנטייל א גלייכן
מיט עסטרייך און דייטשלאנד, די בונדעס־גענאָסן —
דערמאן זיך: אויך דיין בלוט האָבן אָפט זיי פארגאָסן
פאר א ביסן א פעטן, א רייכן . . .

האלט אָפּ זיך פון קריג! מיט א קאָפּ א געזונטן
אין קראנקן־בעט קריך ניט, וואו אויבן און אונטן,
עס לויערן כסדר סכנות!
נאָר—שא! איך הער: דייטשלאנד דיר דראָהט מיט מלחמה...
נו—איז עס פון הימל באשערט דאָך מסתמא —
טאָ גרייט זיך צו קאמף און קרבנות.

פארגרייט זיך מיט בליי און מיט שטאָל און מיט פייער!
מיר׳ן דיר ארויסהעלפן, געבן צו־שטייער . . .
גורט אן זיך! דו האָסט דאָך קיין ברירה:
פארפאלן . . . דו קאָנסט איצט ניט מער שוין נייטראל זיין;
צו שפעט אויך פון פרידן א טויב איבעראל זיין . . .
די טרחא, די מי און עברה.

כאָר:

עס קראַכן קאַנאָנען אויף ים און יבשה,
ס׳גיסט טייכן־ווייס בלוט זיך...קיין אומגליק...נישקשה:
אזוי הייסט דער גאָט פון נקמה.
עס פאַלן אומשולדיקע מענטשן ווי פליגן,
בערג טויטע, פאַרוואונדעטע אומעטום ליגן —
קרבנות צום גאָט פון מלחמה.

* * *

(אין פולער דיסהאַרמאָניע מיט די פריערדיקע שטימען,
דערטראָגט זיך פון ווייטן, ווי אין אַ טעאַטער פון די
הינטער־קוליסן, אַ שטילע, אַ שוואַכע, אַ)

זיבעטע שטימע:

אָ, ווילדע ראָמאַנאָווס! איר, רוסלאַנד׳ס טיראַנען!
אָ, בלוטיקע הערשער פון בראַווע גערמאַנען!
אָ, ענגלאַנד׳ס געקרוינטע צבוע׳קעס!
אליין וואָלטן קיינמאָל די בלוט־באָד געמאַכט מיר!
אליין וואָלטן קיינמאָל פון קריג גאָר געטראַכט מיר,
דאָס בלוט פאַלט אויף אייך, הײדאַמאַקעס!

מיר דורשטן נאָך בלוט ניט, אונז פעלן קיין לענדער:
פאראייניקט מיט ארבעט'ס אלוועלטלאכע בענדער,
וואָלטן אייביק געלעבט מיר אין פרידן.
אנשטאט איי'רע פעסטונגען, קריגס־שיפן, וואפן,
וואָלטן טעמפּלען פאר וויסנשאפט, קונסט מיר געשאפן,
די נשמה צו שטעלן צופרידן.

און... קומען א טאָג וועט—מיר זעען אים—ער קומט שוין—
(און פלוצלונג—דאָס קול ווי א לייבן־שטים ברומט שוין:)
באדענקט זיך, איר, הערשער־וואמפּירן!
ס'ווערט ליכטיק... עס טאָגט שוין אין אונזערע מוחות...
גענוג אונזער בלוט אייך פארשווענדן און כוחות!
גענוג איבער אונז אייך רעגירן!

פארוואָרפט איי'רע נוצלאָזע, העסלאכע קרוינען!
פארוואָרפט אייער יחוס! ווערט פּראָסטע פארשוינען!
קומט שאפן און לעבן צוזאמען!
פארוואָרפט איי'רע אלטע, די געטלאכע רעכטע!
אז ניט—וועט גערעכטיגקייט, אמת'ע, עכטע,
אייער זכר אויף אייביק פארדאמען!

אָקטאָבער, 1914

## זיג

דער וועקענדער אלארם פון קריגערישן האָרן,
פול חוצפה'דיקן שטאָלץ פון אל-צעשטערענדער מאכט,
איז נאָך א לאנגן טאָג פון ליארמען מיד געוואָרן
און פאלט אריין אין שוים דער שטילער, מידער נאכט.

א וואכנדער וואולקאן—א ריזיקע קאנאָן,
האלב-שטעקנדיק אין קויט, האלט אָפן ס'מויל און רוט:
א גאנצן טאָג האָט זי געטריי איר פליכט געטאָן —
באדעקט דעם באָדן ארום מיט ביינער, מארך און בלוט.

דאָס בלוט פון סטאדעס פיה, געקוילעט אויפ'ן פעלד,
מיט ווארם מענטשן-בלוט מישט אוים זיך אין איין שטראָם.
א גוסס'ער, דאָרט קריכט פון שלאכט א יונגער העלד
אויף אלע פיר און . . . שטארבט (א טראָפּן אין א תהום).

א פויער'ס קליינע פארם, פון שלאכט-פעלד אָן א זייט,
וואו פריער האָט די זון מיט פריד און פרייד געשיינט,
פון יעדן לעבנ'ס-שפור פארלאָזט איז שוין א צייט,
בארויבט און רואינירט פון בלוט-באזויפטן פיינט.

געמישט מיט ערד און קויט, גאנץ דורכגעווייקט פון בלוט,
די גאָלד'נע ווייץ אין פעלד, צעטראָטן, ליגט און פוילט,
צעשאָסענע א בארג, צעפוילט פון זונען-גלוט,
פארשפרייטנד א געשטאנק, דאָרט ליגט צענויפגעקנוילט.

א מאַנאַטאַנער כאַר פון ראָבן אָן א צאָל
אין טונקעלען, קילן וואלד פארטויבט די שטילע נאכט:
זיי זינגען שירה גאָט, וואָס טעגלאך דאָרט אין טאָל
פון ווארמען מענטשן־פלייש פאר זיי א סעודה מאכט.

דער הימל דאָ און דאָרט פארפלאמט איז, בלוטיק־רויט—
עס ברענען גאנצע שטעט, וואו אלץ איז טויט און פוסט . . .
געשטאָכן הינטן ארום, אנטלויפענדיק פון טויט,
א מוטער דריקט איר קינד צו איר האלב־טויטער ברוסט.

פארגוואלטיגט און אנטערט, א מיידל, שטאר און קאלט,
בליקט זינלאָז ווייט פאר זיך, באוועגלאָז ווי א שייט־האָלץ;
ניט ווייט, דערשאָסן, ליגט איר פאָטער, גרוי און אלט,
און ס׳רייט אן אָפיציר, פול חיה־לוסט און שטאָלץ.

און דורך דעם פינצטערן רוים, מיט שטערנדלאך פארזייט,
זיך ציען דאָ און דאָרט געדיכטע וואָלקענס רויך;
זיי טראָגן מיט זיך מיט פון דערפער און פון שטעט,
פאר׳שרפ׳עטע אויף אש, דעם לעצטן לעבנס־הויך.

און איבער אלעם דעם א פויגל־מענטש שוועבט אום,
און זוכט . . . און זעט אויף דר׳ ערד נאָך פילעם
אומצעשטערט . . .
מיט טייוול׳ס פרייד אין הארץ, דער לופט מאן, שטיל
און שטום,
פארניכטונג׳ס־פלענער פול, אראָפ פליט צו דער ערד.

די פינצטערע שווארצע נאכט איר פאָרהאַנג לאָזט אראָפּ...
דאָך שלאָפט ניט, וואכזאם בלייבט דער בייזער גאָט
פון קריג:
האָרך! ווידער שאלט דער האָרן, א רייטער שפּרינגט גאלאָפּ...
דאָס פּראָקלאמירט דער פיינט א צייטווייליקן זיג.

נאָוועמבער, 1914

# דער שמיד און דער קעניג

(אויס דעם ענגלישן, פון עדוואַרד קאַרפּענטער)

א שמיד האָט זיך אמאָל,
איין שיינעם זומער־טאָג,
פאַרשלעפּט אין קעניגלאַכן הויז.
„וואָס פעלט דיר?—פרעגט דער קעניג אים—
קאָן איך דיר העלפן, זאָג?
די מלכה איז שפּאַצירן ארוים.“

—„דו קאָנסט, דו קאָנסט געוויס“
אים ענטפערט גלייך דער שמיד:
„איך וויל . . . א שטיקל ברויט, ניט מער“—
„צו וואָס?“ דער קעניג פרעגט.
—„ווייל“, ענטפערט יענער, מיד,
„כ'בין הונגעריק, מיין הער.“

„ווארט אויס, ווארט אויס א ווייל!
איך רוף מיין יועץ גלייך:
ער איז א קינסטלער אין זיין פאך . . .
באַלעסטיקן דעם קאָפּ
פונ'ם ק אָ פּ פון קעניגרייך
ז' צו קליין, צו לעכערלאך דיין זאך . . .

„הער שופט, יועץ מיין!
דו זעסט דעם שלעפּער דאָרט?
ער שטאַרבט פון הונגער; גיב א ראַט!“
„מיין הער! איך קריג געשווינד
פון ערשטן לאָרד דאָס וואָרט:
איך לויף און ברייננ אים אויף בּאַראַט.“

דער ערשטער לאָרד איז גלייך
דערשינען און, פאַרטראַכט,
זאָגט לאַנגזאַם, שטיל, אָן האַרץ, אָן זעל:
„הם . . . דו האָסט, מאַיעסטעט!
א טעות דאָ געמאַכט:
דיין שעף-געהילף דאָס טאָן באַפעל!“

דער שעף-געהילף זאָגט שטיל:
„כ׳פילמיט דעם קאָוואַל׳ס נויט,
נאָר העלפן אים בין ניט אין שטאַנד:
דער שליסל פון דער הילף,
פון זעמל, קוכען, ברויט,
ז׳ביים שר-האופים אין דער האַנט.“

דער שר-האופים קלאָגט:
„איך האָב דעם שליסל . . . אַך!
פאַרלוירן מיט א שעה צוריק.
נאָר . . . שאַט! איך לויף און רוף
דעם מאַסטער פון דער זאַך —
דעם שמיד—אָט איז ער זעלבּסט, צום גליק!“

דאָ'ט זיך פון זיי אלע
א פריילאכער „הוררײ"
ארויסגעריסן אין איין קול:
„די פראגע, טיף און ברייט,
אָן ליארעם, אָן געשריי,
האָבן לייכט געלייזט מיר מיט אמאָל . . ."

דערהערענדיק דאָס, רופט אוים דער שמיד:
„ווי נוצלאָז אייער ז י י ן!
ווי ד ו ם בין א י ך, און א י ר — געמיין!
א צווייטן מאָל, ווען מיך . . . ווען מיך
וועט מוטשען הונגער־פּיין,
וועל איך . . . שוין העלפן זיך אליין."

1922

# קינסטלער-כישוף

געטראָגן אויף כוואליעס פון געטלאכן שפילן,
וואו ברויזענדיג שטראָמען די טיפע געפילן
פון קינסטלער׳ס נשמה ארויס,
פון וועלכן מיט צויבער וויברירענדע קלאנגען
דערוועקן א ים אומבאשטימטע פארלאנגען
און רופן באגערן ארויס: —

האָב איך אין א וויג-שטול, האלב-זיצענד, האלב-ליגענד,
מיט אויגן פארטראכטע אויף איין פונקט נאָר בליקענד,
געוויגט זיך אין הויז ביי א פריינט:
זיין זונ׳דל, א יונג מיט פאר׳חלומ׳טע אויגן,
באצויבערט האָט מיך מיט זיין פידל און בויגן . . .
די שכינה פון אים האָט געשיינט.

אָט בייזערט זיך, ליארעמט און פילדערט די פידל . . .
און אָט, דוכט מיר, טרויעריק דאוונט א אידל,
און פלאצט פלוצלונג אויס אין געוויין . . .
ער בעט, און ער וויינט, און אים שטיקן די טרערן . . .
א קול פון פארצווייפלונג לאָזט פלוצלונג זיך הערן,
וואָס קאָן, דוכט מיר, שפּאלטן א שטיין.

און אַט, דוכט מיר, הער איך א ליבעס־דערקלערונג . . .
עס הערט זיך דאָס קרעכצן פון ליבע־פארצערונג
אין יעטוועדן ציטערנדן טאָן . . .
און . . . פלוצלונג פון אייפערזוכט ווילדע געשרייען
צעברעכן דאָס הארץ פון געליבטער אויף צווייען,
דאָס צימער מיט צאָרן פילן אָן.

און אַט רופט אין שלאכט־פעלד א מארש די סאָלדאטן . . .
אַט הערט זיך דאָס קראכן פון ביקסן, הארמאטן . . .
דער שדים־געלעכטער פון טויט . . .
און אַט הער איך וויינען יתומים, אלמנות,
באקלאָגענדיג די טויטע און וועקענדיק רחמנות . . .
אַט הערט זיך דאָס קלאָג־ליד פון נויט . . .

אזוי האָט דער יונג מיט פאר׳חלומ׳טע אויגן,
מיט כשוף ארוים פון זיין פידל און בויגן,
מיט טענער פול צויבער׳שער מאכט,
באהערשט מיך אין גאנצן, מיין גוף, מיין נשמה,
געוועקט אין מיר מיטלייד, און האס, און נקמה . . .
זיך זעלבסט מיך פארגעסן געמאכט.

1922

## דערוואַכונג

איך בין אין א פּארק —
ווייט, ווייט פון א מארק,
פון מענטשן־געדראנג,
פון האנדעל׳ס גערויש,
פון לײדענשאַפט׳ס ברויז —
געוועזן ניט לאנג.

די זון האָט געשײנט,
און מיך, ווי א פרײנט
אָן אלטן, באגריסט:
איר יעטווידער שטראל
האָט מיך און דעם טאל
ארום מיר געקושט.

פארטראַכט און פארזאָרגט,
צעוואָרפן דאָ און דאָרט
אויף בערגלאך ווי טרעפּ,
די בוימער ארום
פארנייגט האָבן שטום
האלב־נאקעטע קעפּ.

די ערד איז שוין גרין
און . . . אלט כאָטש איך בין;
האָב יונג זיך דערפילט:
א כוואליע פון לוסט
צום לעבן מיין ברוסט
האָט איבערגעפילט.

פארלאנגען א פלוט
האָט ראַש אין מיין בלוט
געשטראָמט ווי אמאָל . . .
אין מיין פאנטאזי,
האָט געדוכט מיר—איך פלי
דורך וועלטן אָן צאָל.

איך פלי און איך פיל:
אומזיכטבאר און שטיל —
א פארבאָרגענע קראפט
דערוואכט האָט פון שלאָף,
און פון לעבלאָזן שטאָף
ניי לעבן באשאפט.

1923

# בייז - באָל

אויף א גרינעם פעלד, א ברייטן,
מיט א פּארקן ארומגעצאמט,
שפּילן באָל א צאָל אטלעטן,
איינגעטונקט אין שוויים, פארפלאמט.

* * *

1

שטייט א יונג אין סאמע מיטן,
אויגן—פייער, מוסקלען—שטאָל:
דרייט דעם קערפּער רונד ארום זיך
אויף איין פוס פון מאָל צו מאָל;
האלט א באָל אין האנט, דער רעכטער,
גרייט צו אָנפאנגען דאָס שפּיל —
ס'ליבלינג-שפּיל פאר מאסן-מענטשן,
און פאר אים—דער לעבענס-ציל.

2

מיט א געל-פאלירטן שטעקן,
דיק ביים קאָפּ און דין ביים עק,
פאכנדיק מיט אים אָן אויפהער,
אָניאָגענדיק אויף מיר א שרעק,
שטייט א צווייטער אים אנטקעגן,
גרייט א קלאפּ צו געבן דעם באָל,
און דערוויילע ווארפן זיי דורך זיך —
מיט א וויץ פון מאָל צו מאָל.

הינטער זיי, פֿאַרשטעלט דאָס פּנים
מיט א מאסק פון דראָט-געפלעכט,
שטייען „אומפּיירס“ — ריכטער, הייסט עס,
מומחים אין די בייז-באָל רעכט.
חוץ דער מאסקע, טראָגט דער עלטסטער
אויף דער ברוסט א גרויסן שילד . . .
אמת, ס'איז ניט מער, א שפיל נאָר,
דאָך א שפיל—ברוטאל און ווילד.

3

אויסגעשטעלט אויף פילע פונקטן,
אויסגעבויגן, הענט אויף קני,
אָנגעשטריינגט די אדלער-אויגן
נאָכצופאָלגן דער פילקע'ס פלי,
שטייען דאָרטן די אטלעטן,
יונגע, שטארקע, פלינקע אלע;
ווארטן מיט אומגעדולד, דער מארשאל
זאָל שוין געבן דעם סיגנאל.

4

אויף פיל בענק (נישט איבערציילן)
אין געשטאלט פון טרעפ אויף טרעפ,
דריקט זיך א קאמפּאקטע מאסע —
קיין בייז אויג איר—קעפ אויף קעפ.
און געמאטערט: ווער—פון לאנגוייל,
ווער—פון הונגער, ווער—פון דורשט,
זופט מען קאלטע לימאָנאדע,
קייט מען זעמל און הייסע ווורשט.

5

„איינס, צוויי, דריי!“ דערהערט זיך, ענדלאַך,
דעם מארשאל׳ס קלאָר און מעכטיק קול,
און . . . עס הויבן תיכף אָן זיך
די באוועגונגען פון באַל:

אָט, אָט פליט ער . . . גלייך צום „אומפּייר“
אויפ׳ן שילד צי אויף דער מאסק . . .
און די רגע . . . אויף צוריקוועגס,
אָפּגעשליידערט מיט א טראסק

פון דעם געל־פּאלירטן שטעקן,
וועלכער פליט זשוין אויף דער ערד,
און דער „קלאפּער“—לאָזט זיך לויפן
ווי א יונגער, ווילדער פערד . . .

לויפט און לופט און . . . טוט א וואָרף זיך
פלוצלונג אויף א בעט פון . . . זאמד,
(דאָרטן איז זיין מקום־מקלט,
אויב ער האָט נאָר ניט פארזאמט),

כאפּט זיך אויף און—לויפט צוריקוועגס . . .
בעת, אין זונען־שיין געטונקט,
ס׳פליט דער באָל אויף אלע זייטן,
פון האנט צו האנט און פונקט צו פונקט.

6

דער פיל־טויזענט־קעפּיקער עולם
פליעסקעט הענט . . . און שרייט און שאלט . . .
אזש דער הימל, דוכט זיך אוים מיר,
ווערט צעשפּאלטן אָט־אָט באלד.

די רעפּאָרטערס, פאָטאָגראַפערס,
פּען און קאַמעראַ אין די הענט,
פון דער שפּיל די נײַס און בילדער
כאַפּן אויף אין דעם מאָמענט.

7

אָט אַזעלכע נײַן הקפות
איז דער סדר פון דער שפּיל, —
נײַן, ניט ווייניקער . . . און מערער
מאַכט ניט אויס, אַבי מע וויל.

בעת דער זיבעטער הקפה
— א סקאַנדאַל האָט דאָרט פּאַסירט
דער, וואָס רופט זיך „פּילקע־קלאַפּער"
האָט ניט שיין זיך אויפגעפירט:
ער'ט דעם באַל אַרויף געשליידערט,
צו דעם הימל, ווערטיקאַל . . .
האָבן די כאַפּער'ס אַדלער־אויגן,
שטאַרק פאַרבלענדט פון זונען־שטראַלן,
אים אין צײַט באַשטימטער כאַפּן,
לויט די רעגלען, ניט געקאָנט,
און דערווײַל האָט יענער רואיק
זיך צוריקגעקערט צום פראָנט . . .

8

לעצטענס טרעפט א „פילקע־ווארפער"
שטארק ווי ש מ ש ו ן, הויך ווי ע ו ג,
מיט'ן באַל אין—קלאפּער'ם פנים
און... זעצט אוים אים ס'רעכטע אויג,

יענער פאלט האלב־טויט אנידער . . .
ס'שטראמט דאָם בלוט פון אויגן־לאָך . . .
פירט אן אמבולאנס אוועק אים . . .
ס'שפיל—גייט אָן ווי פריער דאָך.

9

פלוצלונג... פליסטערט עמיץ: „גאָט מיין! . . ."
אויבן טרעשטשעט עפּעס וואו . . .
דאָ און דאָרט, אויף טויט דערשראָקן,
קוקט ארויף ווער . . . הערט זיך צו . .

„קראך!"—גאַנץ אויבן בענק זיך ברעכן,
און . . עס ברעכט א פּאניק אוים . . .
איין געדאנק באהערשט האָט אלע —
„מיט'ן לעבן כאָטש ארוים . . ."

און מע שטופּט זיך, און מע דרענגט זיך,
צום אַרויסגאַנג, ווער עס קאָן . . .
יענעמ'ס גלידער, יענעמ'ס לעבן —
קיינעם גייען איצט ניט אָן.

10

מיט אַ האַלבער שטונדע שפּעטער
שרייען אינגלאַך שוין אין גאַס:
„עקסטראַ! ספּעשעל „אָווענט שטערן!"
ערשט פון דרוק . . . דער טינט—נאָך נאַס! . . .

„קויפט די בייז-באָל ניים, די לעצטע:
זקנים זעקס אויף טויט צעדריקט! . . .
דאַמען זיבן צוקאַליעטשעט! . . .
דרייצן קאַליקעס דערשטיקט! . . ."

די סענסאַציע האָט, ווי פייער,
די גאַנצע שטאָט אַרומגעכאַפּט:
אין איין שטונדע האָט דער עולם
אַלע צייטונגען צעכאַפּט.

פולע קעשענעס מיט „ניקלס"
„האָבן די „עקסטראַס" זיי געבראַכט.
„כאָטש אַ דריי, פיר טעג אַזעלכע
יעדע וואָך" . . . זיך יעדער טראַכט.

1924

# דער נביא

## (נאָך א. ס. פושקין)

„ויעף אלי אחד מן השרפים . . .
ובידו רצפה . . . ויגע על פי . . .
ואשמע את קול אדני אומר: . . .
לך ואמרת לעם הזה . . .“
(ישעיה ו, 6־9)

כ'האָב אומגעשלעפּט זיך אין דער מדבר,
פון רוחניות־דורשט פאַרברענט,
און . . . פלוצלונג האָט זיך מיר א שרף
באַוויזן און מיך פאַרבלענדט.

מיט פינגער לייכטע ווי זעפיר
האָט ער באַרירט די אויגן מיר,
און אין די זינדיקע שוואַרץ־אַפּלען
האָט פלוצלונג עס א בליאַסק געטאָן,
און דער מענטשהייט'ס טונקלע צוקונפט
האָב איך דערזעען אין הימל'ס בוך.

און ער'ט באַרירט די אויערן מיר,
און מיט אַמאָל האָב איך דערהערט
די שירה פון מלאכים־כאָר,
און די באַוועגונג פון דער ערד
און פון די שטערן אין הימעל'ס רוים,
און ס'וואַקסן פון גראָז, און בלום, און בוים.

און ער האָט צוגעבויגן זיך
צו מיין פון דורשט פארשמאכטן מויל,
ארויסגעריסן פון דאָרט די צונג,
פארברענט זי בליציק שנעל אויף קויל,
און מיט זיין בלוט־באפלעקטער האנט
א שטעכל פון א קלוגער שלאנג
אויפ׳ן אָרט פון צונג אריינגעשטעקט.

און מיט א שארפער שווערד האָט ער
צעשפּאָלטן אויף צווייען מיר די ברוסט,
ארויסגעריסן ס׳פלאטערנד הארץ,
דעם קוואל פון זינד, פון לוסט,
און א קנויל פון פייער־פלאמען
פארנומען האָט זיין פלאץ.

א צייט בין איך, פארשטארט, אָן אָטעם,
געלעגן פאר׳חלש׳ט דאָרט,
און . . . פלוצים הער איך—פונ׳ם הימל
מיך וועקט און רופט גאָט׳ס וואָרט:

„וואך אויף, פּראָפּעט, צו נייעם לעבן!
שטיי אויף, דו, מענטשן־קינד, פון דר׳ ערד!
פיל אָן, פיל אָן זיך מיט מיין גייסט
און, פורכטלאָז, מוטיק, בראוו און דרייסט,
„גיי, וואנדער איבער לאנד און מעער,
און אלעם, אלעם זע און הער,
און צינד אָן מיט פרייהייט׳ס ווערטער־פלאמען
די הערצער פון אלע מענטשן־שטאמען!“

1924

# אַ מיליטער-פּאַראַד

טראַך! טאר-ראר-ראך!! טאר-ראר-ראך!!! טאר-ראר-ראך!!!!
פון די קאַנאָנען דאָס טראָגט זיך דער קראַך:
פון יעדער פעסטונג און קריגס-שיף ארום
(פון אונזער נאציע דער שטאָלץ און דער רוהם)

מענער, און פרויען, און קינדער דערוואכן
פרי פונ׳ם שלאָף דורכ׳ן מעכטיקן קראכן.
טוען זיך איילענדיק יום-טוב׳דיק אָן,
און יעדער כאפּט מיט גרוים שמחה א פאָן
און . . . און מע לויפט: דער אהין, דער אהער,
קוקן ווי ס׳מארש׳ט אָנקעל-סעמ׳ס מיליטער.

„אך, אָט-אָט זענען זיי! זעט נאָר . . . הוררייי!“
(ס׳שפּאַלט זיך דער הימל פון ווילדן געשריי)
„זעט נאָר, ווי שיין! אך, ווי שיין זיי מארשירן!“ —
„זעט נאָר די בליקן פון די קאָמאנדירן!
קוקט, ווי זיי רייטן! באטראכט נאָר די פערד!...“
(ס׳קלינגען די שפּאָרן, עס ציטערט די ערד)
„קוקט—אוניפאָרמען, באטראכט נאָר די קאסקען!
זעט, ווי די קנעפּלאך, די גאָלדענע, בליאסקען!“—
„זעט נאָר די זיידענע לענטעס, די רויטע,
וואָס זיי באצירן די פּלייצעס, די ברייטע!“—

„זעט נאָר די ביקסן, די שווערדן, די שפּיזן!
קוקן ניט אוים ווי גבורים, ווי ריזן,
פאַרטיק פאַר מעכטיקע, העלדישע טאַטן,
אונזערע פרייע, געטרייע סאָלדאַטן?!“

„לאָמיר־זשע גאָט בעטן אייביק פאַר זיי!
לאָמיר־זשע שרייען אָן אויפהער „הור־ריי!“
לאָז אונז פאַרבלייבן אויף אייביק די מאָטאָ:
„אייביק זאָלן לעבן די אַרמיי און די פלאָטע!!“

אויגוסט, 1925

# קאָנטראַקטן

(ימים נוראים'דיקס)

באנען פליען ווי די שדים
איבער'ן לאנד ארום
און — באזאָרגן מיט חזנים
קהילות אומעטום.

שיפן קומען שווער געלאָדן,
פירן קאסטענס פול
מיט — אתרוגים און לולבים
פאר דעם בורא'ס שול,

וואו מע וועט זיי שמעקן, שאָקלען
רעכטס און לינקס און הויך —
צו פארהאלטן בייזע שטורעמס
ליגט אין זיי א כח.

בהמות, אָקסן, ציגן, צאפּעס
שפּרינגען שטאָלץ ארום —
ס'וועט דורך זיי'רע הערנער באלד זיך
הערן א שופר־ברום

פון תקיעה, שברים, תרועה,
וואָס דעם הימל שפּאלט,
ווען דער שטן, א באזיגטער,
ווי יריחו פאלט.

א מהומה צווישן עופות —
יעדן האָן און הון
וועט מען פירן באלד צום גאלגאן,
ווי אמאָל גאָט׳ס זון:

ער ז׳געוואָרן א כפרה
פאר די גוים׳ס זינד,
און די עופות — פאר דעם אידנ׳ס,
גאָט׳ס געליבטן קינד.

און דער בייזער ים בלאָזט אָן זיך,
הויבט זיך אזש פון אָרט —
פאר די אידישע עברות
מאכט א פלאץ ער דאָרט,

וואָס מע ווארפט אוועק ביים תשליך
אויפ׳ן ברעג פון טייך,
און מע לאָזט אין ים זיי שווימען
מיט׳ן שטראָם צוגלייך.

אין די גרויסע ספרים קראָמען
שרעקלאך איז דער דראנג —
אויף סדורים און מחזורים
גרוים איז דער פארלאנג:

ראש השנה און יום כפור
מוז מען בעטן גאָט,
ווייל א גאנץ יאָר איז מען טעגלאך
עובר זיין געבאָט.

אין די שפין־און־וועב פאבריקן
שאפט מען טאָג און נאכט
(יעדער ארבעט דאָרט פאר דרייען
ביז ער ווערט פארשמאכט) —

ציצית, קיטלען און טליתים
מאכט מען דאָרט אצינד:
ווער עס טראָגט זיי כאָטש יום כפור
ווערט באלד ריין פון זינד.

און פון לעדער די פאבריקן
— האָבן גאָר קיין ענט
ווייכן לעדער אויף רצועות
ברויכט מען איצט אָן ענד,

אום צו שלאָגן אידלען מלקות —
ניין און דרייסיק שמיץ —
בעת ער ליגט פאר גאָט, במחילה,
„והוא רחום" זאָגט און שוויצט.

אויך דער לענדלאָרד (אָרעמער לענדלאָרד...)
האָט קיין צייט אצינד:
יעדן בוידעם, יעדן קעלער
„פּיקסט“ ער אויף געשווינד

מיט א צוויי, דריי טוצענד ביינקלאך
און א טיש דערצו —
קאָמיטעטען פון מנינים
גיבן אים קיין רו . . .

מיט בילעטן, צירקולארן
איז פארפלייצט די שטאָדט . . .
און מע גרייט זיך, און מע קלייבט זיך
צו באזוכן גאָט.

אין די שולן, אין די „האָלן“,
אָנגעפילט מיט שרעק,
וואו ער ווייזט זיך צו די פרומע
אין די תשובה-טעג.

און מען לויפט ארום צעטראָגן,
ווי פאר'סמ'טע מייז,
און מע רעדט מיט היץ פון יום טוב,
בעת דאָס הארץ איז — אייז.

און מען לאַיגט אויף וואָס די וועלט שטייט,
און מען „בלאָפט“ אָן שעור,
**און . . . ווי „קיעווער קאָנטראַקטן“**
**שיינט דאָס אלעם מיר.**

פילא., ערב ראש השנה, תרפ"ה לפ"ק.

# הקפות

צו שמחת־תורה אויסגעפּוצט
אין זיינע רייכסטע קליידער,
אויפ׳ן רעכטן לאץ א שול־מעדאל,
נאָך „יענקי־דודל׳ס" סדר,

זיצט רחבות׳דיק דער פּרעזידענט
(מיט וועלט און זיך צופרידן)
אין שול, אין קרייז פון אָנהענגער,
האלב־פרומע רייכע אידן.

אין שול (אַן אָרטאָדאָקסישע)
פארמאָגט די שענסטע „שטאט" ער,
און אין ענינים קהל׳שע
די גרעסטע דעה האָט ער . . .

---

נאָך מעריב האָט מען פראווען באלד
הקפות אָנגעהויבן:
דער שמש שטייט, צו דינען גרייט,
ביים ארון־קודש אויבן.

און לעבן אים, ביים רעכטן זייט,
נאָכ׳ן מנהג פון פארצייטן,
קוקט פאַרשעמדיק דער פרעזידענט
אויף אלע, אלע זייטן . . .

דער שמש איז מכבד הויך
א גביר מיט „פתיחת־ארון״.
דער פרומער עולם זאָגט דערווייל
„ויהי בנסוע הארון״.

דער פרעזידענט דאן, פליסטערנדיק,
רופט אָן דעם שמש נעמען,
וואָס זיי זאָלן צו דעם ערשטן קרייז
די ספר־תורה׳ס נעמען;

און אויף דעם שמש׳ס ערשטן רוף:
„האלוף התורני!״ . . .
איז באלד ארויס א שניידער־באָס
(אמאָל א גרויסער עני) . . .

האָט דאָס פארברענט א קאָנקורענט,
פון לאנג שוין זיינס א שונא . . .
האָט איבערראשט די שכנים ער
מיט ווערטער אָט אזוינע:

„א חוצפא פון א גראָבן יונג,
א בור, אן עם-הארץ!
אים חלומ׳ט זיך: א פרעזידענט
איז דאָ א גאנצער פריץ. —

„ארויסרופן א גמור גוי,
וואָס האָט פאר גאָט קיין מורא,
צו זיין אין סול דער ערסטער גאָר
זיך דרייען מיט דער תורה?!

„איז דען אין אונזער סול ניטאָ
קיין גרעסערע מיוחסים,
וואָס ווייסן וואָס ס ע פ א ר ב ע איז,
מ ס נ י ו ת און מ ד ר ס י ם?!“ . . .

און בעת די „אלופים“ האָבן זיך
געדרייט ארום דער בימה,
און איך בין א באצויבערטער
געוועזן פון חזנ׳ס שטימע,

האָב פלוצלונג איך א רעש דערהערט:
„א קלאָג! א בראך! א ס פ ר . . .
א ס פ ר, אוי! ליגט אויף דער ערד . . .“
מיר גליווערט יעדער אבר . . .

א שפּאַס?! אוי וועה! מיר ווייסן דאָך,
די גאַנצע וועלט ווייסט גוט עס:
ווען אויף דער ערד א ספר פאַלט,
וועט טרעפן אונז ניט גוטעס . . .

---

אין שול—אַן איבערקערעניש,
א מורא׳דיקער שטורעם:
אַן אויסמישונג פון קולות פיל,
ווי אין בבל ביי דעם טורעם.

ווי בליצן האָט אין יעדן בליק
געבלישטשעט האס און צאָרן;
פון שטימען איז כהרף-עין —
א דונער-קנאַל געוואָרן:

„ס׳האָט ער געטאָן . . . אָט יענער דאָרט . . .
די שרעקלאַכע עברה!
ס׳האָט ער געמאַכט, אז דיזער דאָ
זאָל פאַלן מיט דער תורה!“ —

„וואו? וואו׳ז ער? גיט אהער אים נאָר,
דעם רשע, דעם כל-בו׳ניק!
נעמט, לינטשט אים! רייסט אין שטיקער אים,
אָט דעם ימח-שמו׳ניק!“

און אין דעם זעלבן אויגנבליק
האָט זיך די גאנצע מאסע
א לאָז געטאָן צום זינדיקן —
צערייבן אים אין קאשע . . .

* * *

ווען ס׳האָט א טייך פון בלוט זיך שוין
געגאָסן פון דעם חוטא,
האָבן פּלוצלונג זיי דערשראָקן זיך,
געוואָרן בלאס, ווי טויטע . . .

ז׳געקומען שנעל אן אמבולאנס
און פּאָליציי־פּאטראָלן:
אים אָפּגעפירט אין האָספּיטאל,
צו׳ממית׳ט און פארשוואָלן,

און אונזער ווירדיקן פּרעזידענט
מיט אלע „התורנים“ —
אין „סטיישן־הויז“ פון גאָטעס־הויז
מיט שאנד און שרעק אין פּנים.

אסרו־חג סכות, תרפּ״ה לפּ״ק

# ביים ים-ברעג

(אוים דעם רוסישן, נאָך פּעטער וויינבערג)

אויסגעשפּרייט פאַר מיינע אויגן,
מיט א שלייער איבערצויגן,
ברומט מיין אלטער פריינט—דער ים.
ס'אַרא ברכות-פולע הערשאַפט
אין דער גרענעצלאָזער רחבות,
מאַיעסטעטישן אין-סוף!

איך האָב קוים צום ברעג דערשלעפּט זיך,
אויסגעמאַטערט, שוואַך און מוטלאָז,
מיט א פּאַק אָן אַלטן
פון אַלע האָפענונגען צעשטערטע,
פון אַלע ספקות אומדערקלערטע,
וואָס מיין מוח שפּאַלטן.

כ'בין דעם ים געקומען מעלדן:
כ'קעמף ניט מער שוין מיט'ן שיקזאַל—
כ'בין קיין העלד געבוירן;
א באַזיקטער, אונטערטעניק,
גיב איך שענדלאַך, שטיל זיך אונטער
מיין פינסטער-וויסטן גורל.

װען דער ים האָט אָבער ברומען
שטאַרק און שטאַרקער זיך גענומען,
און די גרויע כוואַליעס,
דרייסט און מעכטיק ווי די לייבן,
האָבן זינגען אָנגעהויבן
— אין ריזן־כאָר א ליד, —

ס׳מעכטיק ליד פון לעבן און פרייהייט,
ס׳פּורכטזאַם ליד פון דער נאַטור,
— וואָס לעבן נעמט אין קאַמף —
האָט מיך אָנגעכאַפּט א ציטער,
און כ׳האָב אָנגעהויבן ביטער
זיך שעמען פאַר זיך זעלבסט,

וואָס מיין מוט האָב איך פאַרלאָרן,
און בין מיד אַזוי געוואָרן
צו גלויבן, האָפן, שטרעבן;
וואַרפן זיך אויף אַלע זייטן,
מיט׳ן פיינט, דעם שיקזאַל, שטרייטן,
קעמפן פאַר׳ן לעבן.

אויפ׳ם ניי פון זיך אראָפּגעטרייסעלט
האָב איך די טויטלאך־שווערע משא —
פייגהייט, קליינמוט, שרעק,
און דעם שונא אָן ארויסרוף
שטאָלץ און פריי אויפ׳ם ניי געשליידערט,
ווי׳ן די יוגענט׳ס טעג.

און די בייזע, גרויע כוואליעס,
אקאָמפּאנירענד מיין התפעלות,
ווי א ווידער־קול, צום טאקט,
זענען שנעלער אלץ געשפּרונגען,
האָבן אלץ בייזער ס׳ליד געזונגען —
ס׳פרייהייט׳ס ליד, וואָס פּאקט.

אויגוסט, 1926

# פורים

## 1

וואָכן, מאָנאטן פאר פורים
פלעגן איידעמלאך תכשיטים,
לומדים, זייד׳נע יונגע לייטלאך
(שווער און שוויגער׳ס שטאָלץ)
נאָך א פולן זאטן מאָלצייט,
ווארמענדיק זיך ביי דער הרובע,
אויף קוואדראטנע גלאטע ברעטלאך
פון דובאָווע האָלץ,
אָן א צירקל, אָן א דלאָטע,
מיט א מעסער׳ל נאָר און בליישטיפט,
קארבן קינסטלאך פון פאנטאזיע
— בלומען, בוימער, הייזער, טורעמס
פורים׳דיקע פלאדען־פורעמס.

און באהעלפערס פון חדרים —
שטענדיק, טאָג נאָך טאָג, פארנומען:
מיט די קליינע דרדק־קינדער
זאָגענדיק ברכה, קושענדיק ציצית,
און זיי טראָגענדיק אויף די פּלייצעס
דורך די שנייען, רעגענס, בלאָטעס,
זעלבסט אין שטיוול האלב־צעריסן,
מיט פארדריפּעטע קאפּאָטעס . . .
פרעמד פון ארבעט, קונסט און וויסן,
גאָר פארשטאָפּטע, דוכט זיך, מוחות —
אָט־אָ־די באהעלפערס פלעגן
זיי׳רע דרעמלענדיקע כוחות
אין מעכאניקע אנטפּלעקן
דריי, פיר וואָכן ערשט פאר פּורים:
גראגערס קונציקע און קליינע,
אויסגעפּארבט אין פּרעכטיק־שיינע
פארבן, פלעגן די בחורים
אין די פרייע אָוונט־שטונדן
שאפן פאר די קליינע קונדן.

2

און אין שול צו דער מגילה,
ווי מ'האָט המנ'ען דערמאָנט,
פלעגן מיר מיט אונזערע גראַגערס
שיער צעשפּאַלטן דאַך און וואַנט,
בעת די גרויסע, אַלטע אידן
פלעגן טופּען מיט די פיס . . .
(נוקם זיין זיך אין אַ שונא
איז אַפּנים צוקער־זיס).

די באַבלומטע פּורים־פּלאָדן,
שיין אויף טעלערלאַך צעלייגט,
מיט קאָנפעקטן, שאָקלאַד, טערטלאַך
ביי די זייטן אַרומגעלייגט,
האָט נאָך וואַרעמער די מאַמע
צו משפחה, קרובים, פריינט
באַלד צעשיקט „משלוח־מנות"
און . . . איר פּנים האָט געשיינט.
אונז פון זיי האָט יעדע ווײַלע
אויך דאָס זעלביקע געבראַכט.
מיר פאַרזוכן . . . לעקן . . . נאַשן . . .
מאַמע בייזערט זיך און — לאַכט

3

נאכט קומט אָן, און גלייך נאָך מעריב
זעצט מען צו דער סעודה זיך
רונד ארום א טיש א גרויסן,
א דובאָווען, לאנג און ברייט:
אויבן־אָן דער פּורים־קוילעטש,
פלעכטעלדיק־צונויפגעדרייט;
פונקט אנטקעגן אים, ביים טיש־עק,
ביי דער טיר כמעט—זיץ איך;
זיידע, באבע ביי די זייטן
פונ׳ם קוילעטש, אויבן־אָן;
טאטע, מאמע נעקסט ארום זיי
(אָט אזוי פון תמיד אָן)
ווייטער: פעטערס, מומעס, קרובים,
פאַרלאך, פאַרלאך, איינס און איינס;
לעבן מיר, צום טיש־עק נעענטער,
שוועסטער־קינדער, יונגווארג קליינס; —
פלעשער וויין, און ביר, און בראָנפן
כיד־המלך, אָן א שיעור;
המן־טאשן, פלאָדן, לעקאך —
פונ׳ם קוילעטש ביז צו מיר.
אלע טרינקען הויך „לחיים!“
בייסן צו, ווער וואָס נאָר גלוסט,
און מען זינגט „שושנת־יעקב“
פול מיט פרייד און לעבענס־לוסט.

איצטער וואשט מען זיך צום עסן . . .
יידע הויבט פון אָרט זיך אויף . . .
מאכט „המוציא" . . . שניידט דעם קוילעטש
אין דער לייגג דער גאנצער אויף . . .
זאפרען־דופט אין נאָז אונז קיצעלט,
ראָזשינקעס אונז ווינקען צו . . .
און די גוטע, ליבע מאמע
טראָגט אונז קוילעטש שטיקער צו,
און . . . מע עסט געפילטע פישן,
קארפ און העכט, ערשט היינט פון טייך,
יויך מיט מאנדלען און מיט קרעפלאך,
גאנז־געבראָטענס, סאוס־רייך . . .
און צווישן די מאכלים
טרינקט מען בראָנפן, וויין און ביר.
מ'זינגט „שושנת" מיט התלהבות,
העכער, שטארקער איצט ווי פריר . . .
און דער צימעס: אפריקאָסן,
פלוימען, ראָזשינקעס, געמישט,
שטופט אראָפ די שווערע סעודה,
און דער עולם ווערט דערפרישט.

4

א דערפרישטער, הויבט דער עולם
פון די ערטער זיך ארויס,
טאנצט אריין אין זאל, דעם שיינעם,
העל באלויכטן, ריזיק גרויס —
„ארור המן! ברוך מרדכי!“
זינגען אלע זאלבאנאנד . . .
„שטארקער, לעבעדיקער, קינדער!!“
טוט דער זיידע א קאָמאנד,
און — עס שליסן מענער־הענט זיך,
און מען גייט א קאראהאָד . . .
ווייבער פליעסקן צו אין טאקט זיי . . .
גרעסער, גרעסער וואקסט די ראָד . . .
קעפ פארוואָרפן, הענט געפלאָכטן —
ס׳טאנצט א לעבעדיקער רינג . . .
די פאָדלאָגע קרעכצט און ציטערט,
כאָטש די פיס זיך הויבן גרינג . . .
שנעל און שנעלער, שטארק און שטארקער
פליען פיס און פליעסקען הענט . . .
„ארור המן! ברוך מרדכי!“
הויבט די סטעלי, ברעכט די ווענט.

5

שטיל און שטילער ווערט דער טומל . . .
אלע לאָזן זיך אוועק
צו מיין עלטסטן פעטער׳ס סעודה,
אונז אנטקעגן, איבער׳ן וועג,
און מ׳חזר׳ט דאָרטן איבער
אלץ צו־ביסלאך, אויף־דאָס־ניי:
מ׳טרינקט „לחיים!" מ׳זינגט „**שושנת**",
מ׳כאפּט א רקוד׳ל דערביי . . .
אויך די אמת׳דיקע סעודה
ווערט, חלילה, ניט פארשעמט . . .
(מיין משפחה האָט אין שטעדטל
מיט איר קאָכן־קונסט גע׳שם׳ט)
און פון דאָרט צום צווייטן, דריטן,
ביז צום אינגסטן פעטער׳ס הויז.
דאָרטן—הויבט עס אָן צו טאָגן . . .
ס׳קומט דער מאָרגן, פורים—ז׳אוים.

**מערץ, 1926**

# חנוכה

## 1

ניט די גרויסע גבורה פון די חשמונאים
קום איך, מיינע ברידער, דאָ באַזינגען יעצט,
וועלכע האָבן העלדיש מיט דעם פיינט, די גוים,
לאנג געקעמפט פארצווייפלט און באַזיגט צולעצט;
ניט די גלויבענס-העלדן, אונזערע קדושים,
וועלכע האָבן דאמאָלט זיך אויף גאָט׳ס אלטאר
אויפגעאָפּפערט גערן און אַ טיפן רושם
איינגעקריצט אין הימל זעלבסט אויף גאָט דעם האר;
ניט די שיינע יהודית, וועמעס הענטלאך שוואכע
האָבן אָפּגעשניטן אלאפערנאס קאָפּ,
און דערמיט גענומען פון דעם שונא ראַכע
און באַזיגט זיין היל מיט איין שטארקן קלאָפּ —

ניין, אַ, ליבע ברידער! ניט פון יענע העלדן
קום איך דאָ אייך זינגען אין מיין שוואַכער ליד.
איך בין זעלבסט אַ פּייגלינג, מיט רעספּעקט צו מעלדן:
(קאָן מען מוט ערווארטן פון אַ גלות-איד?)
כ׳קאָן אויף בלוט ניט קוקן אפילו פון אַ מילה,
קיין געשריי ניט הערן אפילו אין אַ שול —
זעלבסט דער דם-ברית-קדש, זעלבסט דאָס קול פון תפילה
מאַכט מיין ראיה טונקל, מאַכט מיין מוח דול . . .

טאַ ווי קאָן איך, זאָגט מיר, העלדן־מוט באַזינגען,
ווען די שאַנד פון פייגהייט שמארצט מיך טיף און שאַרף?
מיינע ווערטער, דוכט מיר, וואָלטן דאַן אייך קלינגען
ווי די שטומע סטרונעס פון אַ טויטער האַרף.

און דעם אמת זאָגענדיק, העלדן־מוט און גבורה
זיינען ניט פאַר אידן, גאָט'ס דערוויילטן פאָלק —
נסים פאַסן בעסער אונזער אַלטער אומה,
תמיד רעטן זיי זי ווען זי ווערט פאַרפאָלקט:
„אדני לכם ילחם*) — גאָט וועט פאַר אייך שטרייטן",
זאָגט רבינו משה צו זיין ליבן שטאַם,
„מיט'ן פיינט פון הינטן און אויף ביידע זייטן —
און הויבט אויף זיין שטעקן און . . . צעשפּאַלט דעם ים.
און נאָך אים יהושוע, צו יריחו קומענדיק,
האָט ניט מיט קיין גבורה איינגענומען זי,
נאָר מיט שופרות בלאָזענדיק און מיט קולות ברומענדיק
כסדר זיבן טעג ביז שפּעט פון אין־דער־פרי . . .
און אַזוי כסדר דורך דעם לאַנגן גלות,
אָט באַלד שוין אַן ערך פון צוויי טויזענט יאָר,
ניט קיין מוט, קיין גבורה, אויך ניט קיין הילות—
נסים, נסים, נסים ראַטעווען זי נאָר.
און דעריבער, ברידער, וועל איך איצט באַזינגען
איינעם דאָ פון זיי, פון חנוכה דעם נס,
וועלכער פירט אין שול אונז, הלל דאַרט צו זינגען,
דעם גרויסן גאַנצן הלל, גאַנצע אכט מעת־לעת.

*) שמות י"ד, 14

2

מ׳האָט קוים די יונים פון שלאכט־פעלד פאַרטריבן,
וואו פיל זיינען טויט און פאַרוואונדעט פאַרבליבן,
און קרעכצן און כאָרכלען פאַרפילן די לופט,
און פון די צעוואָרפענע צעלאָזע פגרים,
פאַר וועלכע עס האָט ניט געסטאַיעט קיין קברים,
פאַרשפּרייט זיך ווייט־ווייט ניט קיין ראָזיקע דופט—

זיינען תיכּף די דינער פון גאָט דעם גערעכטן
צום געטלאכן מקדש, פון גוים פאַרשוועכטן,
געלאָפן צו דאנקען און לויבן דאָרט גאָט,
וואָס ער האָט געשענקט זיי דעם גרויסן נצחון,
דעם מעכטיקן ארם פון שונא צעבראָכן,
געמאכט פאַר דער וועלט אים צו שאנד און צו שפּאָט.

נאָר . . . ווי מ׳האָט גענומען נ׳דער הייליקער מנורה
דעם נר־תמיד אָנצינדן, נאָכ׳ן דין פון דער תורה,
מיט הייליקן בוימאייל, פון זיתים געפּרעסט,
האָבן באלד די כהנים, פאַרציטערט, דערזעען —
א שרעקלאכער אומגליק, אוי וועה! האָט געשעען:
פון אייל איז איין קרוג נאָר פאַרבליבן א רעסט.

דער כהן הגדול, די אויגן צום הימל,
דאן זאָגט צו די סגנים: „ניט מאכט קיין געטומל!
פּילט אָן די מנורה דערווייל, ניט געטראכט!
מסתּם וועט שוין קודשא בריך הוא אויף מאָרגן
זיין אייגענעם טעמפּל מיט בוימאייל פאַרזאָרגן —
וואָס קאָן דען ניט מאכן זיין הייליקע מאכט?!"

און וואונדער! אָ, נסים! וואָס מער מ'האָט געגאָסן,
אַלץ מערער האָט בוימאייל פון קריגל געפלאָסן,
ווי ס'וואָלט זיך געעפנט א קוואל אויפ'ן דנאָ . . .
דעם זעלביקן מופת, פון גאָט א מתנה,
געצייגט האָט שוין איינמאָל איין אָרימער אלמנה
א נביא א גרויסער מקדמת דנה*).

אכט טאָג האָט געדויערט חנוכת הבית,
און פּונקט אזוי לאנג האָט פון קרוג שמן זית
(אזוי שטייט געשריבן . . .) געפלאָסן, געקוועלט
צוליב דעם נר תמיד . . . טאָ לאָמיר-זשע, ברידער,
דעם נס יענעם פייערן מיט טענץ און מיט לידער,
און קלינגען מיט אים זאָל די אידישע וועלט!

דעצעמבער, 1926

*) מלכים ב' ד' 6-8.

# ניט ווארף אַוועק מיך!

(תפלה)

„אל תשליכני לעת זקנה;
ככלות כחי אל תעזבני".
(תהלים ע"א, 9)

כאַטש דו, אַ גאָט, ניט ווארף אַוועק מיך
אצינדערט, אויף דער עלטער,
ווען ס'הייסע בלוט—דאָס לעבן—קאלט ווערט,
פון טאָג צו טאָג אלץ קעלטער!

כאַטש דו, אַ גאָט, פארלאָז מיך איצט ניט,
אויף מיינע לעצטע יאָרן,
ווען אלע מיינע יוגענט-קרעפטן
האָבן זייער שוואונג פארלאָרן!

איך בעט ניט, גאָט, ביי דיר קיין גשמיות —
דעם גייסט נאָר לאָז מיר בלייבן;
ער זאָל, ווי אין די יונגע יאָרן,
באוועגן מיך . . . צו שרייבן.

איך בעט ניט, גאָט, ביי דיר קיין רייכטום . . .
כ'האָב ס'קיינמאָל ניט באזעסן:
ניט איינמאָל, ווי אמאָל רב צדוק,
געהאט א פייג צו עסן . . .

געלעבט האָט, מער ווי'ן „פרק" שרייבט זיך,
אין צער מיין נשמה;
ניט אויף דער ערד בין איך געשלאָפן —
געלעגן טיף אין דער אדמה . . .

ניט נאָר פלעג עסן ברויט מיט זאלץ איך —
עס ווייקן אָפט אין טרערן.
און דאָך—קוים פלעגט דיין קול מיך רופן,
פלעג תיכף איך דערהערן.

ניט נאָר מיט וואסער מיט א קווערטל
מיין ברויט און זאלץ פארטרינקען —
איך פלעג ניט זעלטן אין פארצווייפלונג
אין טרערן־ים זיך טרינקען.

דאָך פלעגט מיין הימל באלד ווערן לויטער,
מיין זון פלעגט ווידער שיינען,
און אָפטמאָל, פלוצלונג, פלעגט דיין שכינה,
דיין גייסט צו מיר דערשיינען.

און דאן, און דאן פלעג איך באשאפן —
דיין גייסט און איך פאראייניקט —
געדאנקען־און־געפילן־וועלטן,
געלייטערט און גערייניקט.

פארנעם־זשע, גאָט, מיין הייסע תפלה,
נייג צו צו מיר דיין אויער:
ניט לאָז מיך איבער אויף דער עלטער
צו פיין און זאָרג און טרויער!

כ׳וועל פון איצט אָן—איך טו א נדר —
נאָך וויניקער ווי פריער
גאָט־מאמאָן דינען, רייכטום זוכן
(ס׳האָט סיי ווי סיי קיין שיעור.)

און דו מאך אויף דעם הימל׳ס טויער,
עפן אויף אים ברייט און ברייטער,
און שטעל אוועק פון בית־אל דאָרטן
דעם אלטן, אלטן לייטער.

און אייניקל בין איך דאָך יעקב׳ס.
און דו—א טאטע ביידן;
בין איך ניט ווערט, טאָ זאָל מיר ביישטיין
דער זכות פון אלטן זיידן.

און אויב—געווים בין איך ניט זוכה
צו זען די מלאכים,
וואָס יעקב האָט וועגן זיי גע׳חלומ׳ט,
און גוטע אידן נאָך אים; —

טאָ זאָל דיין שכינה מיט׳ן לייטער
אויף ד׳ר ערד ארונטערשטייגן
און דורך די ענדלאָז־ווייטע רוימען
דעם וועג צו דיר מיר צייגן.

און איך וויל זיך קיין מי ניט שפּאָרן —
גיב דו נאָר, גאָט, מיר קרעפטן! —
מיט׳ן גייסט, דעם אייביקן, מיט דיינעם,
וואָס אָפּטער זיך באהעפטן,

און ווידער וועלטן, נייע, שאפן —
דיין גייסט און איך פאראייניקט —
געדאנקען־און־געפילן־וועלטן,
געלייטערט און גערייניקט.

יוני, 1927

# אויפ׳ן קראַנקען־בעט

## א

אויב ערגעץ אין׳ם וועלט־אל איז פאראן א גאָט
פון חכמה, גוטסקייט, ליבשאַפט, רחמים און גענאד,
און ער פון לעבן איז דער איינציקער יסוד, —
טאָ גיט מיר, כ׳בעט אייך, צו פארשטיין
די גרויסע חכמה, טיפן מיין
פון האלטן אין בעט דיך, איינזאם, קראנק,
און מאטערן דיך חדשים לאנג
מיט וויימאָגן אָן שיעור, —
מיט וויימאָגן און שמארצן,
וואָס דרייען צונויף אין דרייען דיך,
דערגייען דיר צום הארצן,
און ווילן ניט באפרייען דיך,
ניט אָפּטרעטן פון דיר.

צוערשט אין די געלענקען
פון קנעכל, היפט און קני,
און . . . פּלוצלונג טוט עס אין די אָדערן
פון פּוס דיך מערדעריש א צי,
און . . . ס'ציט, און צופּט, און דרייט, און רייסט . . .
און — ס'רייסט ארויס פון דיר זיך א געבעט:
„אָ גאָט! נעם צו פון מיר דיין לעבנס־גייסט
און זאָל דער טויט באוואכן שטיל מיין בעט!"

ביי'ם סאמע מוח, אין די אויערן,
אָן אויפהער שטראמט מיט אימפּעט אומגעהויערן
א ווילדער וואסער־פאל, און טיף אין מוח בויערן
די כוואליעס, ריזיק־גרויס,
מיט העלישן גערויש.

און וואָכן לאנג פון רו און שלאָף בארויבט,
די נערוועו אָנגעשרויפט, דער מוח דול, פארטעמפּט,
דער קאָפּ פארטומעלט, דאָס געהער באטויבט,
פון ווייב און קינד און פריינט דורך טויבקייט אָפּגעפרעמדט—
אלץ עפּטער, עפּטער זיך צום הימל רייסט
אין שטילן מורמל דיין געבעט:
„אָ, גאָט! נעם צו פון מיר דיין לעבנס־גייסט
און זאָל דער טויט באוואכן שטיל מיין בעט!"

ב

פיין דערצויגענע, געלערנטע דאָקטוירים,
פריינט געשוואָרענע, קאמראדן און חברים
פון יעדן ליידענדן, פון יעדן פאציענט;
ברידער אלע, קינדער פון איין טאטן דאָך—פון גאָט,
און אין יעדן ס׳הייליק פייער, ס׳הייליקע געבאָט
פון ליבשאפט און רחמנות צו יעדן, אייביק ברענט . . .
אָט מיט אייניקע פון די, די נאָבעלסטע פון מענשן-מין . . . „
מיט דער נאָבעלסטער פון אלע חכמות—מעדיצין,
דאָס קינד פון ליבשאפט און רחמנות, אין די הענט,
האָב איך, געזונט און שטארק כמעט מיין גאנצן לעבן לאנג,
צו מיין באדויערן, די גרויסע וועהטאָגן א דאנק,
ניט לאנג צוריק זיך אויפ׳ן קראנקן-בעט באקענט.

ניט איינמאָל, איינציגווייז, האָט יעדער שוין פון זיי
מיין יעדן קראנקן גליד, דעם זיץ פון שמערץ און וועה,
אמאָל מעטאָדיש, פאָרזיכטיק בארירט
(און דאן גרוים דאנקבארשאפט האָב איך צו זיי געשפירט),
אמאָל בארבאריש, ריקזיכטלאָז געדריקט
(און דאן צום טייוול זיי וואָלט גערן איך געשיקט);
און סמ׳ען-פליסיגקייט-געפילטע, שארפע, לאנגע נאָדלען
ניט איינמאָל טיף אין מיינע אָרעמס אָדערן
אריינגעשטאָכן דורך דער הויט

(פון וואָס איך קאָן נאָך עד היום זיך ניט ערהאָלן:
די אָרעמס ביז די שולטערן ווערן אָפּטמאָל אָנגעשוואָלן
און דאָ און דאָרט באַפאַרבט מיט עפּעס רויט),
און מיט מיקסטורן, פּילן אַלערליי
מיין מאָגן אָנפּילן פּלעגן טעגלאָך זיי,
אַז עקלען האָט מיך שוין גענומען
פון יעדן מאכל, יעדער שפּייז,
וואָס פּלעגט באַרירן נאָר מיין גומען,
חוץ וואַסער, פרוכט און מילך אויף אייז.

צולעצט האָבן זיי, ניט טרויענדיק אליין זיך,
פאַררופן אַ קאָנסולטאַציע —
געמיינזאַם אַנגעגורט די לענדען
צו זוכן אַ ווירקזאַמע קוראַציע . . .
און איך, דער נאַר, האָב זיך דערפריים שוין,
געהאָפט, געגלויבט, אַז אָט־אָט גייט שוין,
אָט קומט זי באַלד, די רעטונג מיין,
באַפרייען מיך פון שמערץ און פּיין.

ג.

ניט ווייט פון מיין פאראומערט בעט,
אין מיטן פון אן ענגן האלבן־קרייז
פון אויפמערקזאמע יונגע אסיסטענטן,
מיט אויפגעשפיצטע אויערן און אָנגעשטרענגטע בליקן,
מיט טשיקאווע, מאָדנע אינסטרומענטן
אויף די העלזער, אין די טאשן:
גלאָז־מעטאל־און גומי־רעהרן
(טיילן פון דאָקטאָריע׳ס לעהרן)
מיט פאפיר און פעדער אין די הענט,—
דאָרט שטייט א שיינער, הויכער, אלטער גרייז
(ווייזט אויס, א מומחה, אן אויטאָריטעט)
און פון מיין קראנקהייט און איר היילונג רעדט.
ד אָ ס, ניט הערענדיק א וואָרט אפילו
פון דער בעראטונג, פון דער שטילער,
האָב איך, פונדעסטוועגן, דערקענט:
צווייפל־זשעסטן, מיטלייד־בליקן
האָבן אָפט זיי צו מיין בעט געווענדט.

* * *

די קאָנסולטאציע ז׳פאָראיבער,
דער פראָפעסאָר איז אוועק,
און איך . . . איך ווארט שוין אויף מיין אורטייל
מיט האָפענונג און שרעק.

ד.

ענדלאך גריסט מיך מיט א שמייכל
מיין בעסטער פריינד, דער ערשטער דאָקטאָר;
בויגט זיך צו און פּליסטערט מיר אין אויער:
„כ'ברענג דיר האָפנונג . . . זעסטו—זאָגט ער—
אָט דאָס פלעשל מיט'ן מאָדנעם טיטול? . . .
דער פּראָפעסאָר זעלבסט פארשריבן האָט דאָס מיטל."
קוק איך טרוי'ריק אָן אים מיט א בליק פון . . . טיפן ביטול,
און בעט ביי אים זיך: האָט רחמנות!
זאָגט, מיין פריינט, אויף אייערע נאמנות:
גלויבט איר טאקי, טיף אין הארצן,
אָט די פלעשעלאך מיט גיפטן,
מיט די סודות'דיקע נעמען-שריפטן,
וועלן מיך באפרייען פון די שמארצן?

ענטפערט מיר מיין דאָקטאָר-פריינט:
„דו ביסט צו נאַאיוו, מיר שיינט —
וואָס הייסט? גאָר שווערן, גאראנטירן?
אָ, ניין! מיר מיינען קיינעם ניט פארפירן;
דאָקטאָריע מיינט נאָר: עקספּערימענטירן,
און אויב קיין אמת'ע ישועות,
וועלן דאָך דיר אונזערע רפואות
ניט ברענגען אויך קיין שלעכטס . . .

און מיט דער צייט, אויך מ י ט די קראנקע גלידער, —
אויב ניט ארומגיין, ניט שפאצירן,
ניט זוכן מער קיין וועלטלאך גליק,
מיט קיינעם קיין זאך דיספוטירן,
קיין וועלט-פראָבלעמען דיסקוסירן,
קיין רעדנער הערן, קיין מוזיק,
ווי ביז ניט לאנג נאָך גאָר צוריק, —
וועסטו, פיליכט, נאָך קאָנען ווידער,
ווי אמאָל, פארפאסן לידער
פון וועלטן-שמארץ-און-קרעכץ."

דזשוליי, 1928

## ס׳איז קיינעמ׳ס, קיינעמ׳ס שולד

אן אייזענבאן-צוזאמענשטויס
האָט מענטשן פיל צעהאקט,
און—גלייך הויבט אָן זיך אויפ׳ן פלאַץ
אן אונטערזוכונגס-אקט:
מע פרעגט, מע זוכט, מע פאָרשט גוט אויס,
מיט פאָרזיכט און געדולד,
און נאָך גרויס מי געפינט מען אויס—
ס׳איז קיינעמ׳ס, קיינעמ׳ס שולד.

דער באנען-וועכטער, אמת, האָט
פארנאכלעסיגט זיין וואך:
פון לאנגע שטונדן וואכענד זיין,
פארמוטשעט, מיד און שוואך,
איז ער פארזונקען אויף א ווייל
אין טיפן, שווערן שלאָף . . .
נו, איז די באן ניט שולדיק דאָך,
איר קומט דערפאר קיין שטראָף!

* * *

אין ענגן „שאפ“, אויף ענגער גאס,
וואו טעגלאך ענגער ווערט,
האָט הונדערט לעבנס מיט אמאָל
א פייער-פלאם פארצערט.

מען אונטערזוכט, מען פאָרשט גוט אוים,
מיט פאָרזיכט און געדולד,
און... נאָך גרוים מי געפינט מען אוים—
ס'איז קיינעמ'ס, קיינעמ'ס שולד.

מ'האָט, אמת, אין א הויך געריכט
באשולדיקטע געבראַכט,
און רעדעס האָבן וויינען אזש
דאָס פובליקום געמאכט,
און דאָך . . . פון צוועלף ערוויילטע האָט
דער פסק אזוי געלויט:
„דער שרעק פון די קרבנות האָט
פאראורזאכט זייער טויט".

* * *

די קוילן־גרובען רייסט עס אויף
כמעט ווי יעדע וואָך,
און יעדע הויז־געזינד ארום
פילט טיף איר גרויסן בראָך:
דאָ פעלט א פאָטער, דאָרט א זון,
א ברודער, צי א מאן . . .
געוויין און יאמער פילן אָן
די לופט אויף יעדן שפאן.

דער ברויט-פארזאָרגער, זייער האר,
דער קוילן-גרוב מאגנאט,
מאכט זעלבסט אן אונטערזוכונג שטרענג,
און שטרענגער נאָך—דער שטאַט:
מע פרעגט, מע פאָרשט די זאך גוט אוים,
מיט פאָרזיכט און געדולד,
און... נאָך גרוים מי געפינט מען אויס—
ס'איז קיינעמ'ס, קיינעמ'ס שולד.

יאנואר, 1929

## ביים סדר

אָ, אידישע מלכה! אָ, אידישער מלך!
ווי גליקליך איר זייט עס, ווי גוט איז און וואויל אייך!
ווי שטראלט אייער פּנים מיט פרייד!
פון גלות און אָרעמקייט ד'ענדלאָזע צרות —
פארגעסן, געשלאָגן מיט אלעם כפּרות:
איר קעניגט אזוי שטאָלץ, אזוי ברייט . . .

פארגעסן די ארבעט, דעם באָס און דעם פאָרמאן . . .
איצט איז דאָך דער זמן חרותנו . . . ווי טאָר מען
פון ארבעטן דענקען גאָר יעצט?!
אָט — מאכט ער הויך קידוש, דער אידישער מלך . . .
די מלכה באוועגט מיט די ליפּן פאמעלעך . . .
דער זון פרעגט די קשיות צולעצט:

„טאטעלע! זאָג מיר: וואָס טוט דאָס באטייטן —
די קישנס, הויך אויסגעבעט ביי דיינע זייטן,
דער כרפּס, חרוסת און כריין?
וואָרום דארף מען עסן די זייטן געבויגן?
וואָרום מיט'ן מרור זיך אויסעסן די אויגן?
מיט מצה זיך ברעכן די ציין?"

דער טאטע, ווי ס׳פּאסט פאר אן אמת׳ן מלך,
מיט שטאָלץ אין די בליקן, און לוסטיק און פריילאך,
פאַרענטפערט די קשיות אים באלד
(די מלכה, א פרומע, גאסטפורכטיקע אשה,
זי הערט מיט אנטציקונג און פרייד, ווי זיין זיסע,
זיין קלינגענדע שטימע דערשאלט):

„אמאָל האָט מצרים פאַרשקלאַפט אונזער אומה,
און זי האָט געליטן, א שטילע, א שטומע,
און פּיתום און רעמסס געבויט;
געגעסן רק דגים (פאַרפוילטע מסתמא),
מיט ציבעל און קנאָבעל דערקוויקט די נשמה,
פאַרמאַטערט, פאַר׳חלש׳ט, האַלב-טויט.

„ביז . . . ענדלאך, געראַטעוועט זי האָט דער בורא,
אין זכות פון זיין הייליקער, אייביקער תורה,
פון גוים ארום פאַרבראַקירט . . .
געוואוסט האָט ער: קוים נאָר באַפרייט ער די אידן,
וועלן „נעשה ונשמע“ זיי שרייען צופרידן —
און זיי אין כנען געפירט.

„ניט מער שוין פאַרשקלאַפט פון קיין אומה, קיין אנדערער,
זיינט דאן זיינען פריי מיר, ווי פויגעלעך-וואַנדערער . . .
מיר וואַנדערן איבער דער וועלט,
און וואו מען ערלויבט אונז נאָר כאַפּן דעם אָטעם,
כאַטש מעגן ווי דריקן די גוי׳אישע משפטים,
דאָרט שטעלן מיר אויף א געצעלט . . ׳

„מיר קנעטן קיין ליים מער, מיר האקן קיין שטיינער,
פארזייען קיין פעלדער מיט אונזערע ביינער —
מיר בויען פיראמידן ניט מער;
מיר . . . נייען דער גאנצענער מענטשהייט מלבושים . . .
ס׳איז אמת: די ארבעט פארטעמפט אונז די חושים,
די לופט — אזוי דריקענדיק שווער, —

„דאָך זענען מיר . . . פרייע, ניט מער שוין קיין שקלאפן.
מיר האָבן די ברירה—ניט וועלן צו שאפן,
מען צווינגט אונז ניט נייען מיט גוואלד . . .
דארום, מיין זון, פראווע איך יערלאך דעם סדר,
ווי מ׳האָט מיך געלערנט ביים רבי׳ן אין חדר,
ווען איך בין ווי דו געווען אלט . . .

„דאָס זינג איך צו גאָט פאר זיין גוטסקייט און טרייהייט:
ער׳ט אונז פון שקלאפן־הויז פלוצלונג צו פרייהייט
געפירט פון עגיפטישן לאנד;
און אונזערע פיינט, די פארהאסטע מצריים
(וואָס זיי האָבן אונז קליידער און צירונג געליהען . . .)
באשטראָפט מיט זיין מעכטיקער האנט.

„אום ניט צו פארגעסן די שקלאפן־טעג יענע,
די מאטערניש ביטערע, ליידן פון גיהנם,
וואָס האָבן אונזער קינדהייט פארשווארצט;
אום ניט צו פארגעסן אן פרעה׳ן, דעם ארור, —
עסן איצט מיר ביים סדר געריבענעם מרור,
אָט ווייל פון אים שטיקט עס און שמארצט . . .

„און אום צו געדענקען, אז מיר האָבן פּליטה
געמאכט פון מצרים, ניט האָבענדיק קיין גרייטע,
געבאקענע חלה׳ס אין וועג,
און מיר האָבן געבאקן פּידפּאלעקעס גרויסע
אויף שטיינער פון זון־שטראלן גליענדיק הייסע,
וואָס זיינען געלעגן ביים שטעג, —

„עסן מצות מיר, קינד מיינס, די גאנצע וואָך פּסח . . .
פארשטייסטו איצט אלעס?—נו, מאָרגן, קינד, היים איך
דער מאמע׳ן דיר געבן פיל נים . . .
און . . . דו, מיר צו הילף גאָטס־געגעבענע אשה,
דערלאנג איצט די פיש, די געפילטע, די פרישע!
צייט עסן, מיין ווייבעלע זים . . .

„דערגים אלע כסות מיט וויין, מיט׳ן זיסן! . . .
כאָטש איין מאָל אין יאָר לאָמיר משקה געניסן,
כאָטש איין מאָל די הערצער דערפרייען . . .
און איך וועל „חד גדיא“ און „הלל“ הויך זינגען,
און מיט „שיר השירים“ דעם צימער פארקלינגען,
און דאן . . . וועלן שלאָפן מיר גיין . . .

אפריל, 1929

# יום כפור

ווען זע איך דאָרטן שוועבן,
איינגעהילט אין זונען־שיין,
פול מיט לוסט און פרייד פון לעבן,
פריי פון שמערץ און לייד און פיין?
וועמענס פליגלען, ווי זעפירן,
מיין נשמה לייכט באַרירן?
וועמענס אָטעם, פול פּאַרפיומען
פון גן־עדן׳ס בעסטע בלומען,
גלעט מיך ווי א זאַנפטער ווינט,
ווי א מוטער איר ליב קינד?

דאָס ביסטו, מיין הייס געליבטע,
דו, אָ, מוזע טרייע מיין!
דיינע בליקן, אָפט באַטריבטע,
שטראַלן איצט מיט פריידן־שיין;
אין איין האַנט די פרייהייט׳ס פאָן,
אין דער צווייטער א מתנה
פאַר מיין גייסט—מיין אַלטע לירע...
ווילסטו, מיר זאָלן זינגען שירה? —
קום, מיין ליבע, מאַך מיט מיר
דורך דער געטאָ א שפּאַציר!
קום... דאָרט פרייהייט פּראָקלאַמירן
אין א ליד פון פייער־פלאַם:
צייט שוין פריידיק זאָל וויברירן
אויף דאָס האַרץ פון אידן־שטאַם.

פול באַגייסטערונג, פול פייער,
וויל פאַרצייטן א פּראָפעט,
זיך דערפילט האָב פריי און פרייער,
ווי אַן אמת'ער פּאָעט,
און פאַרכאַפּט פון גייסטיק פיבער,
בין איך מיט מיין מוזע ליבער,
פעסט געאָרעמט, ווי געליבטע,
עקזאַלטירטע, אומבאַטריבטע,
פון מיין איינזאַם, שטילער הויז
צו שפּאַצירן גלייך אַרויס.

אָבער ... וואָס קאָן דאָס באַטייטן? ...
עפּעס אַלעס איז דאָ שטום ...
כ'קוק זיך אום אויף אַלע זייטן —
טויטע שטילקייט אומעטום . . .
וואו־זשע זיינען יענע מאסן,
וואָס זיי פילן אָן די גאַסן,
ווען מען'ס קולות רעש'ן, רוישן,
ווי די כוואַליעס פון'ם גרויסן,
פון'ם טיפן אָקעאַן?
איז דאָ קיינער היינט פאַראַן?

פלוצלונג זע איך . . . א פיגורע
זיך דערנענטערט און—בלייבט שטיין:
פול מיט קניימשן איז די צורה,
און דער קערפער — הויט און ביין;
אָנגעטאָן אין אלטע . . . שמאטעס,
פול מיט לעכער און מיט לאטעס;
איינגעהויקערט, איינגעבויגן,
פיין און אנגסטן אין די אויגן.

געבענדיק מיט דער האנט א מאך,
מיט א שטימע לויז און שוואך,
פליסטערט קוים זי: „גוטע מענטשן!
אידן זוכט איר היינט אין גאס?! —
זאָל אייך גאָט אין הימל בענטשן!
זאָל ניט פאלן אויף אייך זיין כעס!
היינט . . . היינט איז דאָך . . . יום־כפורים . . .
יעדער איד מוז היינט יסורים
זיין פארגרעבטן גוף פארשאפן,
כדי מלאכים זיך באשאפן,
זיי זאָלן מליצים זיין פאר אים
ד אָ ר ט, פאר׳ן כסא אלקים.

„איך בין אויך אין שול געגאנגען,
תשובה טאָן אויף מיינע זינד . . .
זינדיק זיינען מיר דאָך אלע,
אלע, חוץ א פיצל קינד.
איך האָב אָבער . . . וועה די יאָרן!
אויפ'ן וועג צום שול פארלאָרן
מיין בילעט . . . און אָן בילעטן —
וואגט נאָר ווער אריבערטרעטן
די שוועל פון שול, פון גאָטעס הויז,
ווארפט אים פאָליציי ארויס . . .“

„יום-כפורים“ . . . יאָ, דאָס אי' דאָס . . .
אידן פאסטן, בעטן גאָט . . .
איז ניט מער שוין מיר קיין חדוש:
ס'א בפירוש'ער געבאָט . . .
ס'איז ארוים מיר גאָר פון זינען;
און אומזיסט האָב איך, פארשטייט זיך,
היינט מיט דיר אזוי דערפרייט זיך,
שיר פאר פרייד אראָפּ פון זינען . . .

וואָס־זשע טויג מיר איצט די לירע?
ווער וועט הערן היינט מיין שירה?
— וועמען גייט איצט פרייהייט אָפּ?
פּאָלג־זשע מיך, מיין טרייע מוזע:
שנעל, ניט קושענדיק די מזוזה,
טראָג זיך, טייערע, טראָג זיך אָפּ!
לאָז די אידן היינט צורו!
גיי צוריק זיך אין דיין רו!

סעפּטעמבער, 1929

# ג ע װ י ט ע ר

## 1

פון מזרח־און־צפֿונ׳דיקן װינקל פֿון הימל,
אַרויפֿשטייגענד פֿון האָריזאָנט,
טראָגן זיך איילענדיק אין זייטן פֿאַרשידענע
װאָלקענדלאַך לייכטע, פֿאַרשידן־געפֿורעמטע,
העל־גרוי אין מיטן,
די ראַנדן מיט זילבער באַפּוצט;
און פֿון מערב־און־דרומ׳דיקן װינקל פֿון הימל
אַ דיקע, אַ שװערע,
אַ ריזיקע מאַסע,
אַ מורא׳דיק פֿינסטערע,
פּעך־שװאַרצע כמאַרע,
מיט װאַקסנדער שנעלקייט פֿאָראויס זיך באַװעגנדיק,
טראָקט זיך מיט שװייגענדיק־דראָהענדער רוגזה
אַנטקעגן די לייכטע,
די ליכטיקע װאָלקנס,
און שלינגט זיי באַגעגענדיק איין.

באגלייטענדיק די כמארע,
א ווירבל־ווינט טראָקט זיך מיט בלענענדער שנעלקייט,
און דרייט אין דער לופטן
פון זאמד און פון שטויב אומגעהויערע זיילן.

די זיך־וויגענדע בוימער און בוימעלאך שלאנקע,
אויף גאס און אין הויף דאָ און דאָרטן פארפּלאנצטע,
זיינען פּלוצלונג,
דערשראָקענע,
שטיין אומבאוועגלאך געבליבן א רגע . . .
און באלד האָט א שוידער
ארומגעכאפּט זייערע בויגזאמע שטאמען,
און בויגן,
און שאָקלען,
און טרייסלען,
און רייסן האָט זיי עס גענומען.

פארבלאָנדזשעטע פויגעלאך,
מאמעס פון קליינוואָרג, א פּנים,
פארכאפּט און געשליידערט פון ווירבל־ווינט בייזן,
פאלן פון צווישן די וואָלקענס ארונטער
און פּישטשען, פארצווייפעלטע,
זוכענדיק, נעבאך, אויף בוימער די נעסטן,
וואו זייערע פּיצעלאך
ווארטן אויף שפּייז.

און . . . פּלוצלונג,
ווי ס׳קראכן פון טויזענט קאַנאָנען,
האָבן צעללאָזע דונערן,
זיך יאָגענדיק איינס נאָכ׳ן אנדערן,
פון נאָענט און ווייט זיך פונאנדערגעקייקעלט,
מיט ענדלאָזן קנאלן
פארטויבענדיק די לופט.

און די טרייע באגלייטער פון דונערן—בליצן,
ווי ריזיקע שלאנגען פון פלאמענדן פייער
זיך יעטווידן אויגענבליק קרייצענד איינאנדער,
צעשפּאלטן זיג-זאגיג,
באלד דאָ און באלד דאָרטן,
דעם פינסטערן הימל פון איין עק צום אנדערן,
באגיסענדיק אלעם
מיט זייער בריליאנטענעם בלענדענדן בליאסק.

די דיקע, די שווערע, די פינסטערע כמארע,
אלץ דיקער, און שווערער, און פינסטערער ווערענד,
האָט א ווײלע דעם הייסן,
דעם טרוקענעם באָדן
מיט קילענדע טראָפּענס באנעצט און דערקוויקט,
און . . . באלד זיך אראָפּ
אין א מעכטיקן שטראָם —
אין א מבול צעגאָסן
אויף דער דורשטנדער, לעכצנדער, שמאכטנדער ערד.

2

די קוילן און פיילן פון אלטן יופיטער
האָבן אויסגעלאָזט גיך זיך אין זיין ארסענאל:

די דונערן —
ווי שטימען פון כאָרום אויף יענער זייט סצענע,
אין הינטערגרונט פון די טעאטער-קוליסן —
באלד שטילער, און שוואכער, און זעלטענער ווערן . . .
ניט מער שוין קיין קנאלן,
נאָר טרעלעלאך דריבנע,
פאר'חלש'טע,
פארשטיקטע,
קוים, קוים דערגרייכן פון וויט ערגעץ-וואו . . .
קוים, קוים בארירן מיין געהער . . .
און אָט-אָט-אָט שטארבן אין גאנצן זיי אָפּ.

די בליצן —
זיי שליינגלען ניט מער אין דער לופט זיך;
זיי שפאלטן ניט מער אין זיג-זאגן דעם הימל,
נאָר זעלטן און זעלטענער צוקן . . .
באלייכטן די געגנט אליך שוואכער און שוואכער,
און . . . לעשן זיך אוים אָן א שפור.

3

די בוימער —

ארוים פונ׳ם קאמף מיט׳ן שטורעם די זיגער:

קיין צווייגל צעבראָכן,

קיין בלעטל פארלאָרן —

מיט שטאָלץ האָבן אויסגעגלייכט זייערע שטאַמען,

און שאָקלען מיט גראציע

די קעפּלאך געקרויזטע,

פארגיסענדיק דאנקבארע

טרערן־ברילאנטן —

בלישטשענדע טראָפּנס פון רעגן.

דער רעגן —

ער גיסט זיך איצט רואיק, פּאמעלאך,

אין דינינקע פעדעמלאך,

גלייך ווי א סטרונע,

און... אָט, אָט שלאָגט דורך זיך פון צווישן די וואָלקנס

די גאָלדענע זון־שיין,

און ס׳ווערן די פעדים

אין פּערל פארוואנדעלט:

דער רעגן מער גיסט זיך ניט —

טראַפּענווייס פאַלט ער

און . . . באַלד איז ניטאָ שוין קיין זכר פון אים,

אַחוץ נאָר די שטראָמען,

וואָס רוישן און שוימען,

און דרייען ווי שלאַנגען זיך איבער די גאַסן

און יאָגן זיך שטיפעריש

איינס נאָכ׳ן אַנדערן,

ביז וואַנען זיי ווערן אַלץ קלענער, און שמעלער,

און שוואַכער, און שטילער . . .

און אָט, אָט פאַרשווינדן אויך זיי.

און אָט איז אַ בויגן פון אַלע קאָלירן,

ווי אַ האַלבע גיגאַנטישע ראָד, אַ קאָלירטע —

באַרירענדיק מיט ביידע פאַרבאָרגענע עקן

דעם ראַנד פון דער ערד,

און שפּאַרענדיק אונטער פון צפון ביז דרום

דאָס הימל־געוועלב —

פּלוצלונג דערשינען —

און תיכּף פאַרשוואונדן —

אין׳ם נאָר־וואָס גע׳טובל׳טן הימלישן רוים.

4

די דיקע, די שווערע, די פינצטערע כמארע
האָט שפּורן קוים מערקבארע
נאָך זיך געלאָזט:
עס בלאָנדזשען ארום אין׳ם הימלישן בלוי,
אין געשטאלט פון פאנטאסטישע פויגלען און חיה׳ס,
נאָר דורכזיכטיק-ליכטיקע,
פוכיקע שטיקלאך, געוויטער שיראיים,
פון וואָלקענדלאך פיינע,
וואָס עמיץ האָט נאָר-וואָס זיי
וואונדערליך - קינסטלעריש
דורכגעוואָוועבט, דוכט זיך,
מיט גאָלדענע שטראלן
פון דער אָט-אָט-אָט באלד שוין פארגייענדער זון.

און באלד האָט אין מערב, א גליענדיק רויטע,
די זון זיך פּאוואָלי
ארונטערגעקייקעלט אהינטער די בערג,
צום לעצטן מאָל ווארפענדיק
א צארטן,
א ליבענדן,
ביינקענדן זיי-געזונט-בליק אויף דער ערד,
און פארפלייצענדיק
דעם נעפּעלדיק-בלוילאכן הימל
מיט כוואליעס פון בראָנזענעם-פורפורנעם שיין.

די לופט איבערפילט זיך מיט דופטענדע ריחות
פון גראָז און פון בלום,
פארטראָגן אויף א זאנפטן, א לאסטשענדן ווינטל
פון נאָענטן פארק . . .
און קילענדע, לאנגע, פאנטאסטישע שאָטענס
פארשפרייטן זיך לאנגזאם
און הילען אין רואיגן, פרידלאכן דרעמל
די אומגעגענט איין.

יוני, 1930

# װאונדער־לאַנד
(אוטאָפּיע)

אויף אַן אינזעל, פאַרװאָרפן ערגעץ־װײט אויפ'ן ים, —
װאו די זון אייביק גיסט אירע גאָלדענע שטראַלן,
און עס מורמלען אָן אויפהער קריסטאַלענע קװאַלן,
און בײטאָג און בײנאַכט זינגען זיס נאַכטיגאַלן, —
לעבט פרידלאַך און זאָרגלאָז אַ זעלטענער שטאַם,
אין אַ שטאָדט פול מיט אוצרות און װאונדערלאַך שײן,
װאו אַלץ איז באַגאָסן מיט אייביקן חן.

דאָרטן זעען זיך קיין הייזער, קיין הויפן אַרוים:
אייביק גרינענדע בוימער און דופטיקע בלומען,
מיט געפליגעל באַפּעלקערט, װאָס זינגען און זשומען,
באַלזאַמירענד די לופט מיט גן־עדן פּאַרפיומען,
רינגלען קונסטפול אַרום יעדן הויף, יעדע הויז,
און עס דוכט זיך: די שטאָדט שטייט אין מיט פון אַ װאַלד,
װעלכער לעבן און קראַפט אין זיין שאָטן באַהאַלט.

און מען זעט דאָרט קיין װאַך, קיין פּאַליץ, קיין אַרמײ
(װעלכע, זעלבסט קיין זאַך שאַפענדיק, פרעסן װי דראַגנען),
און קיין פעסטונג אַרום, קיין געװער, קיין קאַנאָנען,
קיין געפאַרבטע, געשטרייפטע, געשטערנטע פאָנען, —
דאָך הערשט אייביקע רו דאָרט און פרידן ביי זיי:
קיינער װייסט פון קיין גװאַלד־טאַט, פון שטרייט און פון קריג,
קיינער װייסט פון נצחון, ערא֫בערונג, זיג.

דאָרט ז'ניטאָ קיין געזעץ, קיין געריכט און קיין שטראָף,
(וואָס כלומר'שט די רעכטע פון מענטשן באשיצן)
קיין געפענגנים — א קבר, וואָס פרעמדע באזיצן —
און קיין תליה, קיין שטול מיט ערפונדענע בליצן . . .
דאָך טרעפט קיינעם קיין בייז, אויפ'ן וואָר און אין שלאָף:
נאָך האָט קיינער פאראייגענט זיין מיט-מענטשנ'ס גוט,
נאָך האָט קיינער באפלעקט זיך מיט מענטשלאכן בלוט.

דאָרטן הערשט ניט פון געלט-זוכט די גרויזאמע מאכט . . .
קיינמאָל שטראָמט ניט פארפלייצענד קיין מענטשן-געווימעל,
קיינמאָל רוישט ניט פארטויבענד דער האנדעל'ס געטימעל,
וואָס זיין אָטעם פארפעסטעט די ערד און דעם הימל, —
קיינער לויפט, קיינער איילט זיך, פארזאָרגט און פארטראכט:
זיי איז פרעמד אונזער קאמף פאר א קלעגלאכן ז י י ן,
קיינער שטרעבט א ל ץ ב א ז י צ ן, אלץ אָנרופן מ י י ן,

זייער יוגענט, ערצויגן ווי פויגעלאך פריי
אויפ'ן שויס פון דער מאמע-נאטור און אין שולן,
וואו מען לאָזט זי גענִיסן דאָס לעבן אין פולן,
וואו מען שטרעבט ניט מיט ג ל ו י ב ן דעם קאָפּ איר פארדולן,
בלייבט אויף אייביק, אויף אייביק דער פרייהייט געטריי:
קיינער ווייסט פון קיין יאָך, קיינער הערשט, קיינער שקלאפט...
פאר זיך זעלבסט און פאר אלעמען יעדערער שאפט.

אָוגוסט, 1930

# ק י נ ד ע ר

(סוזשעט ענטנומען)

1

א ליכטיק, ווארעם צימערל,
ווינטער אויף דער נאכט.
פול מיט קינדער־שטימעלאך:
מ׳שפילט זיך, מ׳שטיפט און לאכט.

פלוצלונג, אומדערוואַרטעט גאָר,
קומט אריין די מאַם . . .
נעמט דערציילן מעשה׳לאך,
שפּאַסיקע מסתם:

ס׳לויכטן, שיינען פּנים׳לאך,
שטראַלן מיט גרויס פרייד;
ברעכן אונטער לאַכענדיק
אָפּט דער מוטער׳ס רייד.

אויסגעהערט די מעשה׳לאך,
לויפן זיי אין זאַל—:
„שפּיל אונז עפּעס, מאַמעלע!"
בעטן, שרייען אַל!

כאָטש עס איז צו שפּעט שוין גאָר,
שפּילט די מוטער זיי
פריילאך אויף דער פּיאַנאָ באלד
לידעלאך א צוויי.

אך! וואָס פאר א פריילאכקייט
פאלט עס אָן אויף זיי!
לויפן, טאנצן, שפרינגען ווילד . . .
קולות אלערליי.

2

אין אַן אנדער צימער,
אין דער זעלבער נאכט,
וויינען קליינע קינדער,
הונגעריק, פארשמאכט.

קאלט, א שרעק, אין צימער,
כאָטש פארטרייב דאָרט הינט:
געלט ניטאָ אויף קוילן,
כאָטש פארזעץ א קינד.

אלעמענ׳ס געזיכטער
פון טרערן זענען רויט . . .
„גי׳ מיר" — שרייען אלע —
„גי׳ מיר, מאמע, ברויט!"

הערנדיק די קולות,
ווינשענד זיך דעם טויט,
נעמט די מוטער זוכן
אין דער שאפע ברויט.

אָבער . . . דאָרט איז ליידיק,
ליידיק שוין פון לאנג,
און . . . ס׳פארקלעמט דער מאמע׳ס
הארץ, ווי מיט א צוואנג.

אך! וואָס פאר א יאמער
ווערט עס דאן ביי זיי:
„מאמע . . . מאמע . . . עסן!" —
— „ווענה דער מאמען, וועה!"

1931

# אַ מאָראַלישער מענטש

(פריי נאָך נעקראַסאָוו'ן)

איך גיי פון תמיד אָן אויפ'ן לעבנס-וועג אין מיטן:
כ'בין ניט קאָנסערוואַטיוו, נאָר אויך ניט ליבעראַל;
כ'בין ניט קיין אַטעאיסט, נאָר ווייט פון היפּאָקריטן —
דערפאַר בין איך באַלויִנט מיט כבוד איבעראַל.
באַקאַנט בין איך אינטים מיט אַלע גרעסטע לייטע:
באַראָן-פאָן-געלט-זאַק זעלבסט דריקט פריינטלאַך מיר די הענט,
און וואו אַ לאַדזש, אַ קלוב, און וואו נאָר אַ „סאָסייטי",
בין מיטגליד אומעטום, און אָפט אויך פּרעזידענט.
קאָמיסיעס קומען אָפט אויף צדקה ביי מיר בעטן —
כ'האָב קיינמאָל ניט ענטזאָגט: כ'בין מילד און גוט צום כלל...
איך בין אַ בראַווער מאַן מיט פיינע איידלע זיטן,
און היט שטרענג תמיד אָפּ די לערן פון מאָראַל.

אַמאָל האָב איך געהאַט אַ ווייב, אַ זעלטענע שיינהייט,
אַ מלאך גאָטעס, — ניין, אַ געטין, ניט אַ ווייב:
פון אַלעמען באַליבט פאַר איר מאָראַלער ריינהייט;
איר נשמה אומבאַפלעקט, אַזוי ווי איר שיין לייב.

האָט אָבער אייפערזוכט מיין פאראדיז פארניכטעט:
ס'האָט אָפּטמאָל מיר געדוכט—מיין ווייבל ליבט ניט מיך . . .
האָב איך ניט פיל געטראכט און באלד זי הינגעריכטעט:
געגעבן גלייך איר גט און . . . זי'ז געשטאָרבן גיך.
מיין ערלאָך, איידל הארץ האָט שווער דערפון געליטן,
הגם דאָס טרעפט גאנץ אָפט ביי מענטשן איבעראל:
איך בין א בראַווער מאן מיט פיינע, איידלע זיטן,
און היט שטרענג תמיד אָפּ די לערן פון מאָראל.

מיין טאָכטער האָט געליבט א שיינעם יונגן דיכטער,
פון וויסנשאפט און קונסט, און רייך אין גייסט, א מאן;
נאָר איך האָב שרעקלאך פיינט באגייסטערטע געזיכטער,
און לאנג שוין איר באשטימט א סוחר פאר א מאן.
אוים קומער, אנגסט און פיין (זי פלעגט נאָכ'ן דיכטער בייינקען;
גיי, וויים, אז א פאָעט קאָן ליבער זיין פון געלט . . .)
האָט זי, מיין צארטע בלום, גיך אָנגעהויבן קריינקען,
פארוועלקט, און יונג פארלאָזט גאָט'ס פרעכטיק-שיינע וועלט.
מיין ערלאָך, איידל הארץ האָט שווער דערפון געליטן,
הגם דאָס טרעפט גאנץ אָפט ביי מענטשן איבעראל:
איך בין א בראַווער מאן מיט פיינע, איידלע זיטן,
און היט שטריינג תמיד אָפּ די לערן פון מאָראל.

מיר'ז אויך א יונגער זון פון מיין שיין ווייב פארבליבן.
האָט ער מיט גרויס ערפאָלג שטודירט אויף אדוואָקאט,
און . . . פלוצלונג א בראָשור האָט ער גאָר אָנגעשריבן,
פול סימפּאטי צום פאָלק און שפּאָט און האס צום שטאָט.
די אוניווערזיטעט האָט גלייך דעם ערב-לאָיער
ארויסגעיאָגט מיט שאנד פאר יענעם דומען בוך,
און איך, פאר מיין סקאנדאל, פול הארץ-ווייטאָג און טרויער,
האָב אים פון פאָטער'ס הויז פארטריבן מיט א פלוך.
זינט דאן האָט זיך דער יונג באהעפט צו אנארכיסטן
און האָט מיט זיי צוגלייך—געהונגערט און געשמאכט;
נאָר זייענדיק צו צארט פאר יענעם וועג, דעם וויסטן,
האָט צו זיין לעבן ער אן ענדע גיך געמאכט.
מיין ערלאך, איידל הארץ האָט שווער דערפון געליטן,
הגם דאָס טרעפט גאנץ אָפט ביי מענטשן איבעראל:
איך בין א בראווער מאן מיט פיינע, איידלע זיטן,
און היט שטריינג תמיד אָפּ די לערן פון מאָראל.

איך פלעג א יונגן מאן אויף וועקסלען געלט פארלייען;
ער'ט ביז דעם דריטן מאָל מיר אָפּגעצאָלט צום סענט;
ביים פערטן מאָל האָב איך געמוזט שוין בעטן, שרייען,
גע'סלוק'ט דאָך האָט ער ניט מער ווי דאָס פּראָצענט.
האָב איך באראטן זיך מיט א באקאנטן לאָיער,
און ער האָט דעם בעל-חוב — אין תפיסה איינגעזעצט.

אך! ער איז, נעבאך, דאָרט געשטאָרבן גיך פון טרויער,
אין זיין יונג ווייב און קינד — ווער ווייסט וואו זענען יעצט?
מיין ערלאך, איידל הארץ האָט שווער דערפון געליטן,
הגם דאָס טרעפט גאנץ אָפט ביי מענטשן איבעראַל:
איך בין א בראַווער מאן מיט פיינע, איידלע זיטן,
און היט שטרייננג תמיד אָפּ די לערן פון מאָראַל.

געוועזן שוין א באנקיר: פול צוטרוי-סענטימענטן,
האָבן אידן אָרעמע זייער געלט מיר אנפערטרויט.
כ'האָב פינקטלאך זיי געצאָלט האלב-יערלאך די פּראָצענטן,
און א סאליד געשעפט פאר זיך דערווייל געבויט.
נאָר ... אך! ניטאָ קיין גליק ... אין וואָל סטריט, פאר-א-יאָרן,
(א מענטש איז זינדיק דאָך: ער גלוסט אלץ מערער געלט)
האָב איך דאָס ערשטע מאָל פאר אלע מיינע יאָרן,
ווי אלע, ספּעקולירט מיט אייגן און פרעמדן געלט ...
דער סוף? — כ'האָב באנקראָטירט און... גלויבט מיר אויף נאמנות!
דער קראך האָט מיר אליין קיין פרוטה ניט געלאָזט.
האָב איך די קרעדיטאָרן — יתומים און אלמנות —
קוויטירן ניט געקאָנט ... ביינאכט די שטאָדט פארלאָזט.
מיין ערלאך, איידל הארץ האָט שווער דערפון געליטן,
הגם דאָס טרעפט גאנץ אָפט ביי מענטשן איבעראַל:
איך בין א בראַווער מאן מיט פיינע, איידלע זיטן,
און היט שטרייננג תמיד אָפּ די לערן פון מאָראַל.

און איצט האָב א פאבריק איך פון אלערליי מאשינען,
װאו ארבעטער אסך פארדינען זיך אויף ברויט.
האָט זיך אָט-דאָ ניט לאנג די דומקעפּ (הערט א זינען!)
צו סטרייקן גאָר פארגלוסט ... און ליידן איצט גרויס נויט.
אויף זייער פלאץ האָב איך באלד אנדערע גענומען,
און צו באשיצן זיי—געבראכט אויך מיליטער;
גיי, וויים, אז דאָרט ביי זיי וועט צו א קאמף גאָר קומען,
און די מיליץ וועט גלייך באנוצן דאָס געווער . . .
מיין ערלאך, איידל הארץ האָט שווער דערפון געליטן,
הגם דאָס טרעפט גאנץ אָפט ביי מענטשן איבעראל:
איך בין א בראווער מאן מיט פיינע, איידלע זיטן,
און היט שטרייננג תמיד אָפּ די לערן פון מאָראל.

יאנואר, 1931

# אָ, זאָגט מיר: וואָרום און ווי לאַנג?

.1

אָ, זאָגט מיר: וואָרום אַלץ באַפּוצט און באַצירט איר
מיט בלומען די זעלנערשע קברים,
און זעלטן נאָר זעט מען אַ בלום (אין אַ טעפּל)
אין אייערע ענגע חדרים,
וואו פּריצייטיק וועלקן נשמות און לייבער
פון אויסצערונג־ליידענדע קינדער און ווייבער?!

וואָרום נאָר פאַרוואַנדלען די ערד אין אַ שלאַכט־פעלד
מיט שווערד און מיט ביקס און קאַנאָנע?! — —
פאַרפלייצן מיט בלוט און באַדעקן מיט ביינער
די פון גאָט אונז געשענקטע מתנה?! —*)
דערלאָזן אַ הייפל — מיט לוסט צו רעגירן —
די יוגענט באַרוישן און אין שלאַכט־פעלד זי פירן?!

*) „השמים שמים לאדני והארץ נתן לבני אדם“. — תהלים, קי״ד, 16.

.2

ווארום, זאָגט מיר, שאפּענדיק פליסיק ווי בינען,
מיט אייביקער זאָרג אין די בליקן,
מוזט קיינמאָל איר זעלבסט זיך דאָס לעבן פארגינען,
מוזט יעדן באגער אונטערדריקן,
בעת נוצלאָזע דראנען גאנץ רואיק געניסן
(איר קוקט און איר שווייגט ...) אייער האָניק דעם זיסן?!

ווי לאנג, זאָגט, וועט שטיין איר, ווי אורחים, ווי פרעמדע,
ביים מאָלצייט, ביים רייכן, פון לעבן
און ווארטן געדולדיק, מיט הינטישע בליקן,
מען זאָל אייך שיראיים כאָטש געבן, —
שיראיים פון אלץ, וואָס . . . איר זעלבסט האָט געשאפן—
דער אייביקער גורל פון דולדזאמע שקלאפן?!

# אַ טעות

I

פאַר דער צאַרטסטער, געפּילפּולסטער דיכטערשער זעלע,
וואו אַלעס לאָזט איבער אַ מעכטיקן שפּור,
איז פּרילינג אַ טיפע, אַ שפּרודלענדע קוועלע
פון גייסטרייכע אָדערן צו מוטער־נאַטור.

אויף מוזע'ס גערוישלאָזע, טרוים־לייכטע פליגלען
אין ענדלאָזע רוימען דער גייסט זיינער שוועבט,
און קוואַלן, און וועלדער, און טאָלן, און הויגלען
זיין פּען, ווי אַ צויבער, באַרירט און באַלעבט.

אינ'ם רוישן פון בוימער פאַרנעמט ער די סודות
פון גייסטער, וואָס קומען אַהינצו ביינאַכט, —
פון רוחות, מיט וועלכע די באָבעס און זיידעס
האָבן פּחד אויף אונז, קליינע קינדער, געבראַכט.

און שפּעט אין דער נאַכט, ווען זיי שלאָפן, די בוימער,
ווען רואיק, באַוועגלאָז אַלץ, אַלץ איז אַרום,
דאַן זעען זיי — דוכט אים — פאַנטאַסטישע טרוימען
פון אַלץ, וואָס פּאַסירט אויף דער וועלט אומעטום.

ווען בלימעלאך עפ'נען די מײלעכלאך קלײנע
  און חנ'עוודיק שאָקלען די קעפּעלאך צו —
דאָס פליסטערן זײ — דוכט אים — פון ליבע, די שײנע:
  א שטילע אידיליע פון גליק און פון רו . . .

אין מעכטיקן וואסערפאל'ס קלאפּן און ברויזן,
  אינ'ם מורמלען פון טײך און אין קוואל'ס פּלוידערײ,
דאָרט הערט ער די נימפן, וואָס זײ שטיפן און רוישן
  בין מנחה למעריב, ווען טאָג איז פארבײ . . .

אזוי אין די רוימען, די ענדלאָזע, שוועבט ער,
  פון מוזע און גענױס אומפארכטבאר געפירט,
און אלעס ארום און ארום אים באלעבט ער,
  אלץ, אלץ, וואָס זײן גאָלדענע פעדער באריהרט.

און דאן גיסט ער אוים אין בעגײסטערטע לידער
  זײן ערנפורכט און ליבע צו מוטער-נאטור,
און ס'הערן זײ טויזענטער מיט-מענשן, ברידער,
  כאָטש זעלטן אין וועמען זײ לאָזן א שפור . . .

2

אויך איך בין—מיר זאָגט מען—אויך אין בין א דיכטער.
נאָר... כאָטש איך בין דאנקבאר די פרײנטלאכע ריכטער,
  דאָך וויל איך ס'ניט, קאָן איך ס'ניט גלויבן:
מיר דוכט זיך, נאטור האָט מיך שרעקלאך פארזעען . . .
א ט ע ו ת איז בעת מײן יצירה געשעען
  בײם בורא אלמעכטיקן אויבן.

ער'ט מיינע חושים פארשידן באשאפן:
די פיינע—פון הערן, די גראָבע—פון שקלאפן
אין מיר האָט געמישט ער צוזאמען . . .
און אלץ, וואָס ברייגנט אנד'רע פארגעניגן און פריידן,
פארוואנדלען פאר מיר זיי אין קוואלן פון ליידן,
און טעגלאך דאָס לעבן פאר'סמ'ען.

אינ'ם זאנפטן געדויש פונ'ם וועלדל, פון קילן,
אינ'ם אייביקן מורמלען פון טייכל, פון שטילן,
אין וואסערפאל'ס קלאפן און רוישן —
דאָרט הער איך . . . ניט נימפן זיך פליוסקען און וואשן —
דעם יאָמער, דאָס קרעכצן פון ארבעטער-מאסן,
אָן מיטלייד פון לעבן פארשטויסן.

מיט'ן ריח ניחוח פון דופטנדע בלומען,
וואו פלייסיקע בינען זיך ראָיען און זשומען,
און האָניק פאר מענטשן באשאפן —
פארשלאָגט מיר דעם אָטעם די דעמפקייט פון קברים,
וואו לעבעדיק ליגן, פארפינצטערט און אָרעם,
פארוואָגעלטע, עלנדע שקלאפן.

אין בייזן געוויטער'ס פארטויבענדע קנאלן,
ווען ס'דוכט זיך: אָט, אָט וועט דער הימל באלד פאלן,
פון בליצן אין שטיקער צעשפאלטן —
פארנעמט ניט מיין אויער די שטים פון יופיטער,
וואָס לאנג האָט ער פעלקער אין שרעק און אין ציטער
מיט אלטערטום'ס מעשיות געהאלטן. —

דאָרט הער איך דעם שרעקלאכן קראך פון קאַנאָנען,
פארוואנדלענדיג מענטשלאכע לעבנס מיליאָנען
אין בערג פון געשטאלטלאָזע פגרים,
מיט בלוט איבערפילענדיק טייכן און ימ׳ען,
און שטעטלאך און דערפלאך פארניכטענד מיט פלאמען,
פארזייענדיק פעלדער מיט קברים . . .

וואוהין נאָר איך קער זיך, וואוהין נאָר איך ווענד זיך,
אלץ, אלץ, וואָס פון וועלט־אַל מיין עגא דערנענט זיך,
אלץ, אלץ, וואָס די חושים באַרירט נאָר —
ברייננגט זעלטן א טראָפּן פון גליק מיר, פון פריידן,
און... אויך דער באלד פארגאלט ווערט פון גייסטיקעליידן,
אָט ווי אים מיין נשמה דערשפּירט נאָר.

* * *

ניין . . . ניין, מיינע איידעלע, פריינטלאכע ריכטער!
אומזיסט רעדט איר איין מיר, אז איך בין א . . . דיכטער—
א ט ע ו ת ! — איר זעט דאָך בחוש אים . .
איר זעט דאָך: נאטור האָט מיך, אר׳מען, פארזעען,
א שרעקלאכער טעות ביי גאָט איז געשעען
בעת ער האָט געפלאנצט מיינע חושים . . .

יולי, 1931

# רבי מאיר-בעל-נס אין חרם

(באלאדע)

### א.

אנומעלט, צוריק מיט . . . מיט עטלאכע יאָרן —
כ׳געדענק ניט דעם דאטום: שוין שוואך מיין זכרון —
פארגלוסט מיט אמאָל זיך רב מאיר בעל נס׳ן,
אָן וועמען דאָס פאָלק האָט כמעט שוין פארגעסן,
ארויסכאפן זיך פון פארהייליקטן קבר
און מאכן אינקאָגניטאָ א שטילע נסיעה
דורך אלע קהלות פון הייליקן לאנד.

ניט לאנג האָט דערשפּירט ער—ס׳ווערן עוולות באגאנגען
מיט די פאָנדן, וואָס טראָגן זיין נאָמען און זיגל;
האָט געפאָרשט ער בסוד און דעם אמת דערגאנגען:
דער בוימעל רינט אויסעט דורך שפעלטלאך אין קריגל . . .

האָט תיכּף ביי גאָט ער א פולמאכט געקראָגן:
באררייזן דעם גאנצענעם כדור-הארץ,
באזוכן די צעוואָרפענע גלות-קבוצים
פון׳ם אייביק פארוואָגלטן אידישן פאָלק,
און ווארנען די ווייבער — די ערשטע חלוצים
אין פושקע ענינים — און הארב זיי פארזאָגן,
ניט לאָזן די פושקעס אויף פרעמדער השגחה,

(עס איז א צו וויכטיקע, הייליקע מלאכה)
נאָר זעלבסט זיי באוואכן, און שטריינג קאָנטראָלירן
די זאמלער־משולחים, און אָפט רעווידירן
די בוכהאלטונג סיסטעמע מיט שכל און טאָלק.

ב.

זיין לעצטן אראָפּשטייג געמאכט האָט רב מאיר
אין אונזער נויאָרק, אין דער וועלט־שטאָדט דער גרעסטער,
וואו עס לעבט און עס וואקסט (קיין עין הרע, כן ירבה!)
דער גרעסטער, דער צאָלרייכסטער אידישער קיבוץ,
דער רייכסטער, דער פרומסטער דערצו,
און הונדערטע טויזענטער פושקעס באצירן
די כשר׳ע קיכן פון אידישע טעכטער,
און אויף יעדער פושקע איז אויסגעקריצט בולט
דער הייליקער נאָמען „רב מאיר בעל נס“,
אויך שיינען דאָרט נעמען פון אלערליי כולל׳ם:
פון חברון און טבריה, ירושלים און צפת.

געדונגען האָט באלד ער דעם גרעסטן אָודיטאָריום,
די זאל אומגעהייערע פון מעדיסאָן־סקווער־גארדן,
און תיכף פאררופן א מאָנסטער אסיפה —
די גרעסטע, קאָלירפולסטע און די טשיקאווסטע,

וואָס איך האָב געהאַט ווען דאָס גליק צו באַזוכן, —
פון ... גאָלינקע ווייבער, פון מאַנסבילן — קיין איינער,
אַ חוץ נאָר אָט דער, וואָס באַשרייבט אָט די מעשה,
אַ רואה ואינו נראה, אין אַ ווינקל פאַרשטעקט.

ג.

די טויזענטער פרויען, אין שטומער דערוואַרטונג
אויף אויסערגעוויינלאַכעס, וואונדערלאַכס עפּעס:
רב מאיר בעל נס, דער אומשטערבלאַכער טויטער,
וועט באַלד אויף דער בינע פאַר זיי דאָ דערשיינען —
פאַרנומען האָבן שטיל, אין עקסטאַז, אַלע פּלעצער.
און איך, פון מיין ווינקל, האָב וואַרפן גענומען
מיט בליקן פון נייגיר אויפ׳ן וואונדער געזעמל,
פאַרפּוצטע און יום טוב׳דיק שענסטע מלבושים,
יעדע פרוי לויט איר גלויבן, איר עלטער און שטאַנד:

ווער מיט שייטלאַך פאַרשלייערט כמעט ביז די ברעמען,
מיט זיידענע טיכלאַך די קעפּ פרום פאַרדעקט,
פון האַלז שטעקט אַרויס נאָר דער קנאָפּ פונ׳ם גאַרטל
די הענט ביז די דלאָניעס אין אַרבל פאַרשטעקט,
פון פּים — גאָר קיין אָנדייט, קיין סימן, אַחוץ נאָר . . .
אָפּצאַסן און זוילן און שפּיצן פון שיך;

ווער מיט אונטערגעשווירענע לאָקן געקרויזטע,
צי גאָר אין א פּאָלקע, ווי יונגן, פאַרקעמט,
מיט ברעמען געווּעלבטע, באפּודערטע נעזער,
מיט באקן און ליפּן באפארבט און באשמירט,
מיט נעגל פאַרשפּיצטע און ראָזיק לאַקירט,
מיט בריסט טיף אנטבלויזטע, מיט נאקעטע אָרעמס,
מיט קני און מיט פּאָלקעס, ארטיסטיש געטאָקט,
אין דורכזיכטיק זיידענע זאָקן געהילט.
(דערמאנענדיק פערזן פון „געזאנג פון געזאנגען“,
האלב-נאקעטע ווייבלאכקייט כשופ׳ט און לאָקט,
און ס׳רייצן די בלוטן די שארפע פּארפיומען
פון הענטשיקעס, נאָז טיכלאך, אונטערוועש, האָר, —
און מיין אלטער, פארשלאָפענער כח הדמיון
האָט גאָר ווי אמאָל זיך, דער שטיפער, צעשפּילט

און אלע אינאיינעם — אן אויסשטעלונג גרויס:
פון אלערליי פּאטשערקעס, שטיינדלאך און גלעזלאך,
און קייטעלאך, רינגעלאך, רינגען, בראסלעטן,
וואָס באָמבלען זיך כסדר פון אויערן, העלזער,
און בליאסקען און פינקלען פון פינגער און הענט.

ד.

און... פלוצלונג דערזע איך: ס'האָבן שאָטענס פון פחד
אוועקגעלייגט זיך אויף די פרויען-געזיכטער,
און פילע — א שוידער פארכאפּט און באהערשט האָט,
און אלעמענס בליקן ווי צוגעשמידט זענען
צו שרעקלאכעס עפּעס דאָרט, אויף דער פּלאטפאָרם . . .
א סקעלעט אין תכריכים באוועגט זיך דאָרט לאנגזאם,
באוועגט זיך אויף איין און דעם זעלביקן אָרט,
ארויסברייענגענד זאָנדערבאר טעמפּיקע קלאנגען
מיט לויזע געלענקען פון הענט און פון פיס . . .
אָן ציין, אָן א צונג און אָן הויט אויף די באקן,
דאָס מויל זיינס... עס שרעקט און עס עקלט איינציימיק:
עס באוועגט זיך אָן קלאנגען, ווי ס'מויל פון א פיש . . .

נאָר . . . אָט טוט א בליאסק עס פון בר מינן'ס אויגן —
פון לעכער, ווי אָפּגרונטן פינסטערע, טיפע,
וואו מיט הונדערטע יאָרן צוריק ס'האָבן אויגן,
פול לעבן, ווי דימענטן גרויסע געשיינט —
און פון בליאסק פליסן שטראלן פון הייליקן לעבן . . .
עס פארשווינדן די פינסטערע שאָטענס פון שרעק,
דער ווילדער קאשמאר פון די הערצער—אוועק,
און . . . ביסלאכווייז לויכטן די פנים'ער אויף . . .
אפנים דערשפּירט . . גוטע גייסטער דאָ שוועבן,
און... געדולד, ליבער לעזער! מיר קומען צום סוף.

ה.

און באלד האָט דערהערט א הארמאָנישער קול זיך, —
רב מאיר׳ס אמאָליקע געטלאכע שטימע,
די שטימע פון ליבשאפט, די שטימע פון אמת,
מיט טרויער דורכדרינגענדיק יעטווידעם הארץ:

„הערט אוים, פרומע טעכטער פון אידישן פאָלק!
פארנעמט וואָס רב מאיר בעל נס טוט אייך זאָגן!
די פּרוטות, וואָס אייערע כשר׳ע הענט
אין פושקע צו מיר דורכ׳ן שפּעלטעלע ווארפן, —
זיי זענען באנעצט מיט׳ן שוויים, מיט׳ן בלוט
פון אייערע אייביק פארהאָר׳ועטע מאנען;
זיי זענען באגאָסן מיט ביטערע טרערן
פון אייערע שוואכע, פארהונגערטע קינדער,
און וואָלטן פארעכענט געוואָרן ביי גאָט
אלם גרעסטער, אלם טייערסטער, הייליקסטער קרבן,
ווען זיי זאָלן דאָרטן, אין הייליקן לאנד,
כאָטש מיט טרוקענעם ברויט די אביונים פארזאָרגן.
אָבער . . . גלויבט אויף נאמנות רב מאיר בעל נס׳ן!
איך שווער אייך, גאָט׳ס קינדער, ביי דיזע תכריכים:—
די הייליקע, וואָס תפילה׳ן טאָג-טעגלאך פאר אייך דאָרט,
ביים כותל מערבי, זיי קריגן קיין הילף,
און שמאכטן אין דחקות, און שטארבן פון הונגער.
און טרייבט ווען די ביטערע נויט זיי צום כולל,
און שטעלט ביי דער טיר זיי, ווי נכנע׳ס געבויגן,
און צווינגט זיי, מיט ביטערע טרערן אין די אויגן,

צו בעטן, ווי א נדבה, די הילף, וואָס זיי קומט —
פארוואַרפט מען די אויגן זיי מיט עטלאכע גראָשן . . .
דאַן גיט מען זיי . . . חתמ'ענען עפּעס פּאפּירן . . .
און תיכּף זיי הייסט מען — דעם כולל פארלאָזן,
און טאקע וואָס גיכער, וואָס שנעלער זיך רירן . . .
פארשטייען דעם מיין זיי: מע שטופּט זיי ארויס . . .
קושן שנעל זיי די מזוזה און גייען ארויס,
פארקלעמט און פארביטערט, פארשעמט און פארשטומט."

—„אָבער... וואו איז דאָס געלד, וואו,—אָ, זאָגט רבי מאיר!
פון אייערע פּושקעס?!" רייסט איבער רב מאיר'ס,
זיין טרויעריק־זאנפטע, סימפּאטישע שטימע —
א דונערנדע שטימע פון טויזנטער העלדזער,
פול צער און צאָרן און פארצווייפלונג אָן שיעור.

„געדולד, מיינע שוועסטער! איר'ט אלעס באלד וויסן:
צוליב אָט דעם צוועק דאָך האָט מיך מיין געוויסן
אהערצו געפירט איבער לענדער און ימ'ען,
צווישן פיינטלאכע נאציעס, פעלקער און שטאמען . . .
בארואיקט זיך! זעצט זיך צוריק אויף די ערטער!
ניט שטערט מיר! ניט פאלט מיר אריין אין די ווערטער!
דאָס . . . געלד . . . נעמען צו . . . די . . ."

און דאָ האָט רב מאיר
זיך פּלוצלונג פארהאקט און דעם זאץ ניט פארענדיקט.
און...דאָס וואָרט,דאָס פאטאלע, ט'שוין קיינמאָל ניט קומען:
רב מאיר איז פּלוצלונג געוואָרן אָפּהענטיק
און שטיל... ווי זיין שטימע וואָלט פּלוצלונג פארשטומען...

ו.

א מנין רבנים, מיט בערד און מיט פיאות,
אין לאנגע ארבע־כנפות׳ן, שניי־ווייסע זאָקן,
אין זיידענע זשופּיצעס, סויבעלנע שטריימלאַך,
אין טלית און קיטלען, אַט ווי צו כל נדרי,
מיט ברענענדע ליכט און מיט בלאָזענדע שופרות, —
איז ווי פון דער ערד דאָרטן פּלוצלונג דערשינען
און, פאַרגלאָצענד מיט דבקות די אויגן צום הימל,
באַפוילן די ווייבער באַלערענד און שטרענג:
„גייט, נשים צדקניות, תיכף אהיים!
די הענט ניט פאַרגעסט נאָר צו דריי מאָל צעוואַשן . . .
אין טויטנ׳ס פיר איילן טאָר קיינער ניט שטיין: —
מ י ר . . . וואַרפן אים . . . די רגע . . , אין ח ר ם אַריין!!"



דאָס ווייבלאַך געזעמל, ווי שעפּסן א סטאַדע
ביים אָנבליק און וואָי פון בלוטדורשטיקע וועלף,
דערשפּירט האָט ביים וואָרט, דעם פאַרשאָלטענעם, חרם—
גאָט׳ס צאָרן און די קללות פון תוכחה שוועבן,
און . . . שנעל אין אומאָרדנונג געלאָזט זיך אַנטלויפן—
נאָר באַלד זיך, אין אוממאַכט, צוזאַמענגעפלאָכטן
אין איין אומגעלומפּערט־גיגאַנטישן קנויל . . .

מיט נסים, מיט גרויסע, איז קוים זיי געלונגען
ארוים פונ׳ם זאל און צעוואשן די הענט,
ווער וואו עס האָט וואסער נאָר קריגן געקענט,
און אראָפּשווענקען פון זיך די טומאה פון מת, —
פונ׳ם נאָר וואָס פארגעטערטן רב מאיר בעל נס...

און ער, פון די שוועסטער פארלאָזט און פארראטן,
באשוואָרן האָט מיך אָט די מעשה באשרייבן,
עס זאָל א זכרון לדורות פארבלייבן,
אין אידישע בלעטער, צי גאָר אין א ספר,
און — תיכף פארלאָזט די פאראייניקטע שטאטן,
צו ברענגען כאָטש גאנץ זיינע טרוקענע ביינער
צוריק אין׳ם לאנד פון פארהייליקטע שטיינער,
צוריק אין זיין רו אין דער שטילקייט פון קבר.

**אויגוסט, 1931**

# אונזער פלאַטע

(פּאָעמע)

(פּראָלאָג)

צו די הויכע פעלזן-ברעגן
פון ניו יאָרק'ס צוויי גרעסטע טייכן, —
פון די טייכן: איסט און האָדסאָן,
וועמעס כוואליעס וואשן אייביק
אונזער מעטראָפּאָליע'ס זייטן
ביים ארייננפאלן אין ים. —
לויפן דאָרט פון אלע זייטן,
אין גרוים איילעניש, פארשמאיעט,
ווי פון עמיצן געטריבן,
צי באזעסן פון ניט-גוטע,
איינציקווייז און מחנה'ס גאנצע,
מענער, פרויען, קינד און קייט. —
ניט זיך באָדן, זיך דערפרישן
פון די גיהנום'דיקע היצן —
מקבל-פּנים זיין די פלאַטע . . .
מ'פייערט היינט איר גרויסן יום-טוב.
זעלבסט דער הימל קוועלט און פרייט זיך:
ליכטיק, העל דאָרט שיינט די זון.

יעדע שטאָדט פון אונז'רע שטאטן,
פון ניו יאָרק ביז קאַליפאָרניע
און פון פלאָרידא ביז מעין, —
וואָס האָט זיך צעלייגט מיט גדלות
אין א קרייז פון קריגס-אקרענטן
ערגעץ-וואו ביים ברעג פון ים, —
האָט א צאָל פון אירע שיפן,
פון די מעכטיקסטע, די נייסטע,
צוגעשיקט די טעג אהער,
קיין ניו יאָרק, איר שטאָלצער שוועסטער.
מיט דער וואָג פון גאָלד דער רייכסטער,
מיט דער צאָל פון מענטשן—גרעסטער
אין דער גאנצער גרויסער וועלט;
און מיט אירע האָבן יענע
זיך משפחה'דיק פאראייניקט
אין די ברייטע, טיפע בוכטעס
פון די טייכן: איסט און האָדסאָן,
און זיך אויסגעשטעלט אין רייען;
און פון לאנגע רייזן מידע,
רוען דאָרט די ליבע געסט.

טראָגט ניו יאָרק זיי איצט אנטקעגן
א ווילקאָמען א גרויסארטיקן,
א קבלת-פנים הארציקן,
ווי עס פאסט פאר זיי.

1

אויסגעפּוצט אין יום־טוב קליידער
פון פאַרשיידענסטע קאָלירן,
פריידיק פאָכענדיק מיט פאָנען —
רויט, און ווייס, און בלוי —
איילן, לויפן אירע קינדער,
אָנקעל־סעמ׳ס געטרייע בירגער
פון פאַרשיידענע נאציאָנען.
צווישן זיי אויך ארבעטסלאָזע,
פילע הונגעריק, אין טראַנטעס . . .
פּאטריאָטיש הויך געשטימטע,
צו דער פלאָטע פול מיט ליבע,
טיף פאַרפלאַנצט אין זיי׳רע הערצער
פון די פריסטע קינדער יאָרן, —
האָבן פאַרגעסן זיי אָן הונגער,
ארן ווינציק זיי די אלטע,
אָפּגעבליאקעוועטע, מיאוס׳ע,
דאָ און דאָרט צעפליקטע קליידער,
און זיי איילן און זיי לויפן
מיט די גליקלאַכע צוגלייך.
און ביים איינציקן געדאַנק נאָר
וועגן אָט יענע וואסער־מאָנסטערן,
די גיגאַנטיש גרויסע שיפן,

רייסט ארויס זיך פון די העלדזער
פון דער יום־טוב׳דיקער מאסע,
דאָ און דאָרטן יעדע ווײלע,
ווי א פּלוצימדיקער דונער,
א ספּאנטאנער אויסגעשריי:
הוריי! הורר־ײי!! הורר־ריי!!!

פּאָליציי, אויף פערד ווי לייבן,
אויף די גארטלען רעוואָלווערן,
אויף די שטיוול נייע שפּאָרן, —
פול באוואוסטזיין אויף די פליכטן,
וואָס די פאָטערלאנד׳ס געשיכטע
אין א שטונדע אָט אזעלכער
לייגט ארויף אויף איר, —
שטרייינגט זיך אָן צו האלטן אָרדנונג:
ווער מיט גוטן, זוער מיט בייזן,
בעטן זיי, שרייען און באפעלן
די צעהיצטע, די פארשוויצטע,
פּאטריאָטיש עקזאָלטירטע,
אָנגעגלימטע מענטשן־קנוילן . . .
זיך ניט שטופּן, זיך ניט דרייננגען,
איינצוצוימען זייער אימפּעט
און פון וויטענס בלייבן שטיין,
און מיט ערענפורכט באגריסן,
סאלוטירן און באזינגען
אונזער אלעמענס באליבטן
ביליאַן־דאָלארדיקן פלאַט.

אָבער . . . אך! אומזיסט די טרחא:
גיי, שטעל אָפּ דעם ניאגארער
אייביק פאלענדיקן שטראָם! . . .
גיי, שטיל איין דיווילדע כוואליעס
פונ׳ם ברויזענדיקן ים! . . .
גיי, קיל־אָפּ די גיהנום־הייסע,
ברענענד־זידענדיקע לאווע
בעת איר שטראָמען פון וואולקאן! . . .

קיינער פּאָלגט די פּאָליציי ניט;
יעדער שטופּט זיך, יעדער דרייענגט זיך,
ווער מיט קולאקעס געזונטע,
ווער מיט עלענבויגענס שטארקע,
ווער מיט קנאָכענדיקע פּלייצעס . . .
און אין דעם געראנגעל ווילדן,
אין דעם זינלאָזן געפּלאָנטער,
פאלן קרבנות דאָ און דאָרטן,
פרויען, קינדער, אלטע, שוואכע,
אומגעשווינט און אומגעאכטעט,
אונטער טראמפּלענדיקע פיס.

קיינער קוקט אויף זיי ניט אום זיך . . .
וועגן קלייניגקייטן אזעלכע
ווער, ווער קאָן גאָר טראַכטן איצטער,
בעת א צוועק אזא א נאָבעלער —

ניין, א געטלאַך־אידעאַלער —
שטייט פאַר יעדן בירגער׳ס אויגן:
גיכער, שנעלער, נעענטער קומען
צו די הויכע פעלזן־ברעגן
און צו וואַרפן כאָטש איין בליק נאָר
אויף די ריזיק־גרויסע שיפן,
וואָס זיי שטייען דאָרט פאַראַנקערט
אין די ברייטע, טיפע בוכטעס
פון די טייכן: איסט און האָדסאָן,
אומבאַוועגלאַך, רואיק, שטיל?!
איינמאָל אפשר אין א שמיטה
האָבן בירגער אזא זכיה . . .
ווי־זשע, כ׳בעט אייך, זאָגט מען אָפּ זיך,
פון א ז א דערהאַבן גליק?! . . .

2

פון אימפּראָוויזירטע שטעלן,
ווייט צעוואָרפן פון־איין־אנדער
דאָ און דאָרטן ביי די ברעגן,
טראָגן הויך זיך רעדנער־שטימען,
און די לופט וויברירט מיט ווערטער,
פול באַגייסטערונג און פּאַטהאָס,
פּאַטריאָטיש דורך און דורך.

דאָ א גרויסער שיף־בוי מייסטער,
אן עקספּערט אן ארכיטעקטאָר,

קינסטלער אין דיביידע פאכן,
רעדט מעלאָדיש, ווי אַן אָדע
וואָלט געזונגען ער דער פלאָטע;
און זיין מאָדנער סטיל דערמאָנט מיר
אָן די עכט מאָדערנע דיכטער:
עפּעם מאָדערניסטיש טונקל,
עפּעם נעפּעלדיק אזוי . . .

„זעט איר דאָרט חברים-בירגער,
אונזער וואונדערפולע פלאָטע?
קוקט זיך איין מיט קינסטלער-אויגן:
איז ניט יעדע שיף א קונסטווערק,
— די פולקאָמענהייט פון שיינקייט
מיט גראַדליניקייט פון דעקן,
מיט פאררונדטקייט פון די בארטן,
מיט פארשפּיצטקייט פון די ווינקלען,
מיט דעם אויסבויג פון די ריפּן,
מיט דער שלאנקייט פון די מאסטן,
מיט גראציעזקייט פון די טורעמס —
פון די סודות׳דיקע טורעמס,
וואו ספּיראל-געפורמטע שטיגן,
ווי צונויפגעדרייטע שלאנגען,
פירן ארויף צו אייביק וואכע
אָבזערוואציע פלאטפאָרמעס —
און מיט צארטקייט פון קאָלירן,
וואָס פארכאפּט אייך און פאר׳כשופ׳ט
מיט ניואנסן אלערליי?!

„מיט אזא פּערפעקטער פלאַטע,
מיט איר גראַנדיעזער שיינקייט,
דאַרפן מיר זיך גאָר ניט שעמען
קעגן יענע אין אייראָפּא,
ניט אפילו קעגן ענגלאַנד׳ס.
און איך פיל און זאָג נביאות:
אין דער צוקונפט, אין דער נאָענטער,
איבערשטייגן וועלן מיר זיי
אין דער בוי־קונסט פון דער פלאָטע
ניט מיט שיינקייט בלויז — מיט אַלץ ...."

3

דאָרט . . . א מומחה אין כלי־זיין —
מיט א לייבן־קאָפּ א שטאָלצן
א גרייז־גרויער שיינער זקן,
לאַנג שוין א פּאַנסיאָנירטער,
אויסגעדינטער אדמיראַל,
מיט א גאָלדענער קאָקאַרדע,
פול באַהאָנגען מיט מעדאַלן
אויף דער גאַנצער ברייטער ברוסט —
לאָזט זיין שטים, א לייבן־שטימע,
דונערן, קייקלען אין דער לופט זיך,
אָט געלאַסן, שטיל און רואיק,
אָט שוין העכער, שטאַרקער, ברויזענד,
ריטמיש־אימפּעטדיק אזוי:

„קוקט אהינצו, ליבע בירגער!
דאָרט, פון אלע לאנגע רייען
פון דער גאנצער ריזן-פלאַטע,
אויף דער לענג פון אלע שיפן,
נאָענט ביי די אויבער-דעקן,
קוקן ארוים אזוי אומהיימלאך,
אַט ווי פול מיט שרעק און שוידער,
מיסטיש-טיפע, שווארצע לעכער . . .
און דורך יענע לעכער — מיילער,
וואָס זיי ציען זיך פון העלדזער
פון פארבאָרגענע הארמאטן,
ערגעץ-וואו פארשטעקט —
אַט דורך יענע טיפע מיילער
איז גאָט-מארס, דער א י ש - מ ל ח מ ה,
גרייט צו שפייען פייער-שטראָמען,
טויט, פארניכטונג אָן א ברעג,
ווי די פלאָטן קאָמאנדירן
ערגעץ-וואו נאָר פיינט דערשפירן . . .
יאָ! אויף פיינט מע טאָר ניטווארטן . . .
און . . . מע דארף זיי אויך ניט זוכן —
שונאים האָבן מיר איבעראל:
דאָרט, אין ווייטן, ווייטן מזרח
און אין נאָענטער אייראָפּא;
דאָ, אויף יענער זייט עקוואטאָר,
אין די דרומ׳דיקע שטאַטן,
נאָענטע שכנים מיט פאנאמע

(אונזער וואונדערלאכסטען טויער
צו די גרעסטע וואסער טראקטן)
אויך אין שכנות'דיקן צפון,
גאָר ניט ווייט, ניט ווייט פון אונז —
אומעטום, אין אלע לענדער,
אלע פעלקער האָבן פיינט אונז,
אלע זיינען אונז מקנא
און פארגינען ניט דאָס לעבן,
ווייל . . . מיר זענען שטארק און רייך.
און דאריבער . . . יאָ, דאריבער
האָבן די פאָרשטייער פון פאָלק דאָרט,
דאָרט, אין וואשינגטאָן חבירה,
מיט דער פלאָטע אונז פארזאָרקט."

„און דאריבער הערט מיך אויסעט,
אָ, איר בירגער־פאטריאָטן!
לאָמיר בעטן גאָט אין הימל
פאר די פאָרשטייער געטרייע,
פאר דער פלאָטע אונזער שמירה,
פאר'ן לאנד און פאר'ן פאָלק!
לאָמיר פאָכן מיט די פאָנען,
לאָמיר אויפהויבן די שטימען
מיט א פריידיק אויסגעשריי:
לאנג זאָלן לעבן די רעגירער!
אייביק לעבן זאָל די פלאָטע!
הוריי! הורריי!! הורר־ריי!!!"

4

און דאָרטן . . . א פּאָליטיקער,
א פירער פון פינאנצן־רייך —
פון וואָל־סטריט אקאדעמיע,
פון זעלבן מין וואָס מאָרגאן איז,
פון זעלבן פיינעם שניט —
דעם מענטשן־ים באווארפענדיק
מיט אדלער־בליקן פאָרשענדע,
פארנויגט האָט זיך מיט גראציע,
א קוים באמערקבאר שמייכעלע,
אויף אלע, אלע זייטן גלייך
צום עולם וואָס ארום,
און מיט א שטימע סאמעט־ווייך,
א גלעטענדער, א לאסטשענדער,
באצויבערט און באווילדערט ער
פאוואָלינקע די צוהערער
מיט דאטומס און מיט ציפערן, —
מיט לאנגע, לאנגע ציפערן,
דעם אָטעם אזש פארכאפּענדע, —
פון סומען אומגעהייערע,
פון פאבעלהאפטע רייכטימער,
וואָס אונזער פאָלק באזיצט . . .

„געערטעס, ווערטעס פּובליקום! —
אזוי הויבט אָן זיין רעדע זיך —
דערלויבט מיר, מיינע מיטבירגער,
מיט נאכריכטן, מיט ערנסטע,
פון לויפענדע געשעענישן
איבעררראשן אייך אומאנגענעם
גראָד איצטער, אין דער הייליקסטער,
העכסט פייערלאכער שעה.

„דער טאריף-ביל . . . געזעץ איז שוין:
גע׳חתמ׳עט שוין האָט הואווער אים.
און ווי נאָר אָט די בשורה האָט
דערגרייכט אויף פליגלען בליציקע
צו אלע דאָרט אויף יענער זייט
פון אלע אונזערע גרענעצן —
האָט אין דער לופט דערשפּירט זיך באלד
א פיינטשאפט א פארביסענע
צום גוטן פעטער שמואל׳יקן,
א ווילן אָן אים זיך נוקם זיין,
אריינוווארפן אין חרם אים —
א חרם ניט קיין געטלאכן:
אָן שופרות און אָן ליכט שווארצע —
א סוחר׳ישן באָיקאָט.

„אָט הערט, רבותי, איין זיך גוט:
אין אלע, אלע וועלט-טיילן,
אין מדינה׳ם און מדינה׳לאך,
ליגן פעטער שמואל׳יקעס רייכטימער:
אינדוסטריען מיליאָנדיקע,
אינדוסטריען ביליאָנדיקע;
א חוץ דעם האָט גרויסמוטיק ער
די דאָרטיקע רעגירונגען
קרעדיטן ניט געזשאלעוועט —
קרעדיטן אומגעהייערע,
אזש הונדערט מיליאָנדיקע —
אויף זעקס ביז צען פראָצענט.

„נאטירלאך, פעטער שמואל׳יק איז
קיין קלויזניק, קיין שלומיעל ניט —
משכנות האָט גענומען ער:
א פאָסט-געשעפט א מלוכה׳שן,
אן אייזענבאן, א קוילן-גרוב,
א גרוב פון גאָלד און דימענטן,
א בראָנפן-מאָנאָפּאָליע,
א טאבאק-מאָנאָפּאָליע —
דאָס אלץ איז עפּעס ווערט.

„און איצט, חברים-מיטבירגער!
באטראכט די סיטואציע:

א טאריף א געהעכערטער
פלוס . . . טויערן פארשלאָסענע
פאר מענטשן־קינדער הונגערענדע,
מיט הארץ, געהירן, מוסקולן,
וואָס האָבן ניט וואו צו ארבעטן
און . . . רייסן זיך צו אונז,
וואו שטרעקעס אומגעהייערע
פון לאנד נאָך ניט באפעלקערטן,
מיט גאָט׳ס מתנה׳ס אָנגעפילט,
אלץ ווארטן און . . . דערווארטן זיך ניט
אויף האָרעפּאשנע הענט.

„פארשטייט איר שוין ,וואָס טרעפן קאָן? . . .
געצוואונגען צו אוועקצוגעבן,
א דאנק די הויכע טאריפן,
פאר א נישטיקן, א הונגער־פרייז
די פרוכט פון זייערע ארבעטן
ביי זיך דאָרט אין דער היים,
וועלן סוף־כל־סוף די הונגערענדע —
ווער ווייסט: ביז וואנען? — אָפּשטעלן
די ארבעט די אומזיסטיקע
און . . . הונגערן נאָך מער;
און אונזערע אינדוסטריען,
ניט האָבענדיק קיין קונדן מער,
וועלן מוזן דאָרט זיך צושליסן
און . . . ס׳הארץ מיר זאָגט, פארוואנדלען זיך
אין חורבה׳ס ביז צום גרונד.

„טאָ ווער זשע, ווער וועט צאָלן אונז
די יערלאכע פּראָצענטן כאָטש
אויף די חובות אומגעהייערע,
וואָס קומט אונז פון מלחמה-צייט
פון יענע דאָרט בעל-חוב׳ניקעס:
די מלוכה׳ס און מלוכה׳לאך
פון כמעט דער גאַרער וועלט?

„און . . . הערט! עס איז דאָך מערקווירדיק:
כ׳האָב קיינמאָל ניט געליטן נאָך
פון קיין האַלוצינאַציעס;
נאָר לעצטענס — איך בין מודה זיך —
פאר די אויגן מיר די גייסטיקע
שוועבן אום, ווי שאָטענס פינצטערע,
אומהיימלאכע און שרעקלאכע,
און גיבן מיר קיין מנוחה ניט,
ווי פליגען שטארק דאַקוטשליווע,
פיר ווערטער, גרויזאַם-שוידערדיק,
פול שדים-און-געשפּענסטער-שרעק,
וואָס מ׳שרייבט זיי—אנדערש קאָן מען ניט—
ניט מיט טינט און ניט מיט פעדערן —
מיט שווערדן און מיט מענטשן-בלוט . . .
דאָס ערשטע וואָרט — מ ל ח מ ה איז . . .
דאָס צווייטע — ר ע וו אָ ל וצ י ע . . .
דאָס דריטע — ק אָ נ פ י ס ק א צ י ע . . .
דאָס לעצט — ע ק ס פּ ר אָ פּ ר י א צ י ע . . .
באַקענטע ווערטער . . . ניין?

„נאָר . . . גאָרנישט: עס איז לעכערלאַך
פאר ווערטער בלויז צו שרעקן זיך.
און,איבעריגענס, מיר האָבן דאָך —
א פלאָטע א געוואלדיקע,
די . . . אורח'טע בכבוד'ע,
וואָס רוט ביי אונזער ברעג;
וואָס מיר פייערן איר יום טוב היינט
מיט שאלן און טרומייטערן,
מיט פויקן אלץ פארטויבענדע,
מיט תפלה'ס און מיט לויב געזאנג
(זי'ט כשר עס פארדינט . . .)
און,חוץ לזה, מיר בויען דאָך,
יאָר אויס, יאָר איין, אומאויפהערלאַך,
אלץ מער און מערער קריגס-שיפן,
און שטארקסטע, און מאָדערנסטע,
וואָס יעדע קאָסט א שלל אונז אָפּ,
מיליאָנען אָן א צאָל.

„וועט זי שוין, אונזער וועכטערן
אויף אלע וועגן מסובכנ'ע:
אין ווייטע, טיפע וואסערן,
אויף פרעמדע טעריטאָריעס,
צווישן פעלקער האלב-בארבארישע —
פארהיטן אונזער נאציע'ס,
מיט שוויים און בלוט געשאפענעס,
אויף דער גאָרער וועלט אומדאנקבארער
צענטרענצעלטן האָב-און-גוטס."

(עפּילאָג)

שטאַרק באַגייסטערט פון די קלוגע,
מייסטערהאַפטע, שיינע רעדעס;
איבערפילט מיט הייסער ליבע,
מיט באַוואונדערונג און צוטרוי
און מיט ערנפורכט אָן שיעור
צו דעם מאַיעסטעטיש-שיינעם,
אומפאַרגלייכלעך-אימפּאָזאַנטן,
אומבאַזיגבאַר שטאַרקן פּלאַט, —
האָט די מאַסע, איבערגליקלעך,
מיט באַפליגעלטע געדאַנקען,
מיט דערהויבענע נשמה׳ס
און גרויס דאַנקבאַרשאַפט צו גאָט,
אויפגעקנוילט זיך און צעשאָטן . . .
און צעגאַנגען זיך פּאַמעלאַך,
ווער א היים צו א זאַטן מאָלצייט,
ווער אין פּאַרק צו כאַפּן א דרעמל,
און ווער — פאַר׳חשכ׳ט און אין טראַנטעס,
אין . . . א זייטיק שמוציק געסל
ערגעץ-וואו, פון גאָט פאַרגעסן,
וואו מע שטייט אין לאַנגע רייען
און מע וואַרט לאַנג אויף א צעטל
פאַר א ווייכן, פרישן זעמל
און א וואַרעם ביסל זופּ.

יוני, 1930

# מ י י ן   ו י ד ו י

### א.

א מאָלצייט א רייכן האָב היינט איך געגעסן:
געשמאקע און פעטע מאכלים א סך.
א זאטער, א פולער, א מידער, א שווערער,
האָב לאנגזאם, פאוואָלינקע זיך אין א וויג־שטול
ארייגגעזעצט, אום צו פארדייען די שפייז,
און, שאָקלענדיק פויל זיך, פארטיפט אין רעיונות.
נאָר באלד האָט א דרימל מיין מארך איבערוועלטיקט
און . . . פלוצלונג ז'ארונטערגעפלויגן פון הימל
א מלאך א בייזער, מיט טויזענטער אויגן,
און תיכף א כאפ געטאָן מיך אין די אָרעמס,
ווי א שפארבער זיין רויב אין'ם מעכטיקן שנאָבל,
א פאטש געטאָן מיט זיינע פלאמענדע פליגלען
און בליץ־שנעל א הויב געטאָן זיך אויף צוריקוועגס,
צוריק אין דער הויך, און אלץ העכער און העכער . . .
און ווי ער האָט מיט מיר דערגרייכט נאָר דעם הימל,
האָט ער מיך פון דאָרטן געגעבן א שליידער
אראָפ אינ'ם טיפן אומענדלעכן וועלט־רוים.
און — גלייך האָבן שדים, מלאכי־חבלה,

מיך אויפגעכאפט אויף זייערע מעכטיקע פליגלען,
און שנעלער פון בליצן וועלט־אוים און וועלט־איין מיך
געטראָגן דורך צאָללאָזע ענדלאָזע וועלטן
און, ענדלעך, צום טויער פון גיהנום געבראכט.
און דאָ באלד פארטויבט מיך א קנאלענדער דונער —
די שטימע פון דומה (כ'האָב תיכף דערקענט אים:
כ'געדענק זיין פאָרטרעט נאָך פון „מנורת המאור")

— — — — — — — — — — —

„אהא! איר'ט געפאקט אים, דעם מומר להכעיס! . . .
איך ווארט שוין אויף אים דאָ מיט מיינע משרתים.
שמשיאל האָט נאָר וואָס געבראכט מיר פון הימל,
פון בית־דין של מעלה, זיין פסק, דעם גערעכטן:
ס'פלעגט איבלען ביים לעבן אים דער ריח פון קדושה,
די טומאה — פארשאפן אים א ריח ניחוח —
טאָ ווארפט אים אין קעסל פון . . . זודיקער סמאָלע,
און לאָזט אים א וויילינקע דאָרטן זיך טוב'לען . . .
און, ער זאָל, חלילה, ניט ווערן דערטרונקען,
טוט אָן אויפ'ן האלז אים דעם אלטענ'ס קמיע . . .
מיר דארפן, חברים, אים צוהיטן אויף שפּעטער:
שטראָפן נאָך שווערערע ווארטן אויף אים."

ווי א האק האָט דער פּסק שיר צעשפּאָלטן מיין קאָפּ,
און ארוים פון מיין ברוסט א פארצווייפלונגס-געשריי
האָט גענומען זיך רייסן; נאָר עפּעס האָט פּלוצלונג
פארשלאָסן דאָס מויל מיר... פארשטיקט מיר דעם אָטעם...
און אָט-אָט-אָט, פיל איך, אָט קומט שוין מיין סוף . . .
צום גליק האָב איך — פּלוצלונג פון דרעמל דערוואכט.

באגאָסן מיט נויט-שוויים, מיט בלאָנדזשענדע בליקן
באקוקענדיק אלעס ארום זיך אין צימער,
בין איך צום באוואוסטזיין געקומען פּאמעלעך.
און כאָטש כ׳האָב פארשטאנען, אז דאָס איז געווען נאָר
א בייזער, א ווּיסטער, פאנטאַסטישער חלום,
איז דאָך מיט מיר, הערט איר, געשעען א וואונדער:

די געטלעכע ווארהייט האָט פּלוצלונג אנטפּלעקט זיך
אין שטראַלענדער הערלעכקייט פאר מיינע אויגן,
און מיט אירע ליכטיקע, גאָלדענע שטראַלן
באלויכטן דעם תהום פון מיין טונקלער נשמה,
און אלץ, אלץ איז ליכטיק און קלאָר מיר געוואָרן:
כ׳האָב פּלוצלונג דערזעען, אז איך האָב געבלאָנדזשעט,
געפירט פון׳ם שטן, אויפ׳ן וועג פון׳ם לעבן,
און איך האָב געזאָגט צו זיך זעלבסט אין מיין הארצן:
ד ע ר חלום — דאָס איז מיר פון גאָט א התראה,
כ׳זאָל קומען צו אים מיט א תשובה שלמה . . .
האָב איך תיכף באשלאָסן, ניט ווארטענדיק אויף שפּעטער
(ווער ווייסט וועמענס מאָרגן?) טאקע באלד זאָגן וידוי.

ב.

אשמתי, ווי ’ז מיר! איך בין שולדיק
פאר דיר, א גאָט! דאָך . . . זיי געדולדיק
און האָב רחמנות אויף דיין קינד!
איך ווייס: איך בין ניט ווערט אפילו,
דאָך שענק מיר, טאטע, דיין מחילה
אויף מיינע גרויסע, שווערע זינד!

איך בין זיך, גאָט, פאר דיר מתוודה:
כ’האָב ניט איינמאָל—טויזענט מאָל אוודאי
געמאכט דיין תורה צו געשפעט;
כ’האָב ניט געגלויבט, אז זי ’ז פון הימל,
וואו דו טוסט קיינמאָל ניט קיין דרימל,
פארוואלגערט אייביק מיט געבעט.

כ’האָב ניט געאכטעט איר „מען טאָר ניט“.
כ’האָב געלייקענט, אז פון גאָרניט
האָסטו געמאכט די גאנצע וועלט,
אז מיט א וואונק נאָר, בלויז מיט ווערטער
האָסטו אין וועלט-רוים אויף די ערטער
די ליכטלאך אלע אויסגעשטעלט.

כ׳האָב געלייקענט אין השגחה,
אין שכר ועונש, אין הצלחה,
אפילו . . . זעלבסט אין דיר, אַ גאָט!
און איך האָב אלע דיינע דינים,
וואו ס׳ליגט א טיפער, שארפער זינען,
געמאכט צו חוזק און צו שפּאָט.

כ׳האָב געטרונגען יין־נסך,
געגעסן טרפה׳ס, ברויט אין פסח,
געפאָרן שבת און געררויכערט,
און — קיינע פלאָמבעס, קיין הכשרים
פון רבנים, אידן כשרים,
האָב קיינמאָל, ווייז איז מיר, געברויכט.

כ׳האָב ניט געפאסט קיין יום כפורים,
און זיך ניט אָנגעשכור׳ט פורים;
קיין ברכה קיינמאָל ניט געמאכט,
כאָטש אלץ, וואָס דו, גאָט, טוסט באשאפן
פאר מענטשן־קינדער, דיינע שקלאפן,
גענים איך שטענדיק, טאָג און נאכט.

כ׳פלעג גיין אמאָל אין שול אפילו,
און זיך פאר׳דבק׳ען אין א תפילה,
ווי איך וואָלט זיך צו דיר באהעפט . . .
געטאָן דאָס אָבער נאָר לפּנים:
צוליב משפחה, מחותנים,
און מייסטענס גאָר צוליב געשעפט.

און ניט אליין נאָר, שטאַרקער בורא!
בין איך געווען א בעל עברה,
באהערשט פון שטן׳ס גרויסער מאכט —
כ׳האָב אויך פיל אנדערע דיינע קינדער,
ווי בן־נבט, פאר גרויסע זינדער
און פאר אומגלויביקע געמאכט.

און כאָטש, רבונו דעלמא כולא!
איך וויים, אז תשובה איז קיין סגולה
פאר א ירבעם בן נבט:
פאר אים, דעם חוטא ומחטיא יענעם
איז ניט גענוג דער גאנצער גיהנום
מיט אלע דיינע שטראָפן, גאָט!

דאָך . . . ביז ניט אלעם איז פארביי נאָך:
כל־זמן דער שכל איז מיר טריי נאָך,
כל־זמן די נשמה איז אין גוף,
פילט אָן א האָפענונג מיך א זיסע,
אז פריער, שפעטער, נאָך מיין מיתה,
וועסטו נעמען מיך צו זיך ארוף.

און איך בין דיר פאָראויס מבטיח:
פון היינט שוין אָן ווער איך אוים מדיח,
אויך איך אליין ווער היינט נאָך פרום —
כ׳וועל די כופרים שטארק פארפאָלגן,
און מעגן זיין ווי שווער די פאָלגן,
און מעג מען קוקן אויף מיר ווי קרום.

און איך וועל ווידמען דיר מיין פעדער:
מיט לייב און לעבן העלפן יעדער
באוועגונג אין דיין נאָמען, גאָט!
מיט שיינע פערזן הויך באזינגען,
(אין יעדער ב ל א ט, וואָס וועט מיך דינגען)
דיין יעדן הייליקן געבאָט.

—פארגיב-זשע, גאָט, מיר די חטאים!!
נאָר . . . אך! ער שווייגט . . . ווייזט אוים — ניטאָ אים
אין הימל אויך ווי אויף דער ערד . . .
אומזיסט האָב איך נאָר צייט גע׳פּטר׳ט,
געשלאָגן „על חטא" זיך און פארמאטערט:
מיין ווידוי . . . קיינער האָט געהערט.

ערב פּסח, תרצ"ב לפּ"ק

## אומזיסט דאָס באַקלאָגן זיך

1

אָ, גאָט! דו האַר אלמאכטיקער!
וואָס האָסטו אויף מיר זיך אָנגעזעצט
די לעצטע פינף יאָר?
אין אָנהויב האָסטו ווייטאָקן
ארטריטישע*) מיר איינגעטיילט —
ניט צו דערטראָגן גאָר:
ווען כ'טו נאָך איצט א טראכט פון זיי,
שטעלט דיבאם אויפ'ן קאָפּ זיך אויף
מיין פאטלע גרויע האָר.

דערנאָך א שד . . . אויף רעדער פיר,
מיט אויגן פלאמיק-ברענענדע,
אויף מיר האָסט אָנגעשיקט,
און ער מיין קאָפּ צעבלוטיקט האָט
און פון א קני דעם קנאכן-ביין
אויף קרישקעלאך צעדריקט.
צוויי יאָר אוועק פון דעמאָלט שוין —
דאָך שמארצט נאָך שטארק דאָרט צייטנווייס,
ווי עפּעם פּיקט און פּיקט.

---

*) „אַרטריטיס“ "Arthritis", אַנטצינדונג פון די געלענקעו, די בייני-שלעסער פון די פיס, קני, היפטן און אַזוי ווייטער.

און לעצטנס האָב זיך אויסגעגליטשט
ביינאכט אין הויף אין פינצטערן,
געפאלן פון א שטיג,
און . . . מיט א פוס פארגיפסעוועט,
מיט גיהנום שמארצן שיסנדיק,
אין בעט ווי א גולם ליג
דורך טעג און נעכט א שלאָפלאָזער . . .
אין קאָפּ געדאנקען פינצטערע
און אנגסט און פיין אין בליק.

ס׳איז אמת: כ׳בין א זינדיקער,
מיט גאָטלאָזע געדאנקען פול,
געווען מיין לעבן לאנג:
צו אלץ וואָס נאָר פארבאָטן איז
פון דיר און דיינע הייליקע
געשלעפּט האָט מיך א דראנג;
א שוואכלינג, אָן שום ווידערשטאנד,
האָב נאָכגעגעבן אלעם איך
— מיין זינדיקן פארלאנג

האָב תשובה דאָך געטאָן איך שוין . . .
שוין ווידוי אפילו אָפּגעזאָקט
אָט ערשט ניט לאנג צוריק:
פאר גאָר דער וועלט האָב אָפן איך
מיט שווארץ אויף ווייס פארשריבן אלץ —
פארברענט אויף אש די בריק,

וואָס וואָלט געפירט אין גיהנום מיך,
געטריבן מיט בייטשן אייזערנע,
אויף גליענדער דראָטן־שטריק . . .

טאָ וואָס־זשע, גאָט אלמאכטיקער,
גערעכטער, בארמהארציקער,
וואָס האָסטו א י צ ט צו מיר?!
וואָס שטערסטו מיר פארענדיקן
מיין לעבנס־ארבעט וויכטיקסטע,
וואָס איינגעוועבט אין איר
האָב איך מיין „איך", דאָס גייסטיקע,
דאָס איינציקע, וואָס ווערטפול איז —
די טייל, וואָס קומט פון דיר?

2

זעפירן־ארטיק שוועבנדיק
פון ספערן וייטסטע, הימלשע,
דערטראָקט צו מיר א בת־קול זיך,
א צארטע, דינע שטים,
און פליסטערט שטיל אין אויער מיר:
„אומזיסט איז, מענטש, דיין שטורעמען!
דו רעדסט ניט צו א באשעפעניש
פון פלייש און בלוט און אָדערן —
צו גאָט, צום „אל־אלהים" —
א וועזן אומבאגרייפלעכעס,
אן אין־סוף, אן אומענדלעכקייט,
א גייסט, א לויטער רוחניות . . .

און דיין באקלאָגן זיך, מענטשן־זון,
די טענה׳ס דיינע, שטערבלעכער, —
דו עפר, אפר, גשמיות —
דערגרייכן ניט צו אים:

„אין קרייז פון א מלאכים־כאָר,
מיט וואונדערלעכן לויב־געזאנג
פארטומלענדיק דעם קאסמאס־גאנג . . .
דאָרט זיצט ער מאיעסטעטיש זיך
אין הימל (אין זיין אייגענעם*)
אויפ׳ן פייערדיקן שטול . . .
טאָ ווי־זשע, מענטשל נישטיקער,
ווי וואגסטו גאָר זיך איינריידן:
די מאיעסטעט די געטלעכע
וועט איר פאלאץ דעם הימלשן
פארלאָזן און אראָפּנידערן
צו דיר, אין יאמער־טאל —
אויף ד׳ר ערד, וואָס זי׳ט אוועקגעשיינקט*)
דעם מענטשן־מין — אוממענטשלעכן,
אומזיניקן, פארווילדעטן
פון געלט־זוכט און פון הערשאפט־לוסט,
פון אבערגלויבן, אומטאָלעראנץ,
און מיט ליידנשאפטן פול?!“

נאָוועמבער, 1932

*) „השמים שמים לאדני, והארץ נתן לבני אדם“. —— תהלים קט״ו, 16.

# אינהאלט-פארצייכעניש


| פאעמע | | זייט |
|---|---|---|
| 1. | א במקום הקדמה, פון פערפאסער | 7 |
| 2. | הקדמה, פון אב. גאָלדבערג | 29 |
| 3. | צו מיינע גייסטיקע קינדער | 42 |
| 4. | דער ארבעטער צום סאלאוויי | 44 |
| 5. | די אויסשטעלונג | 46 |
| 6. | לבני קורח מזמור | 50 |
| 7. | וואלן | 53 |
| 8. | מזמור לתודה | 55 |
| 9. | צום נײנצענטן יארהונדערט | 57 |
| 10. | איך זינג ניט קיין שירה | 62 |
| 11. | ווען איך זאָל באזיצן | 67 |
| 12. | דער לאָנדאָנער קאָנגרעס | 69 |
| 13. | דאָס „אידנטום" גערעטעט | 75 |
| 14. | פאגראמען און גלויבן | 97 |
| 15. | פרילינג און איך | 82 |
| 16. | תחית־המתים | 85 |
| 17. | אויף יאָהאן מאסט'ס קבר | 88 |
| 18. | דאנק־זשע גאָט! | 91 |
| 19. | איך און מיין מוזע | 96 |
| 20. | א חלום | 102 |
| 21. | אויף גערשוני'ס קבר | 108 |
| 22. | די געבורט פון נאָסליעדניק | 110 |
| 23. | וואָס טוט מען? | 112 |
| 24. | דער שטראָם פון לעבן | 117 |
| 25. | לאָז־זשע, מאמע | 119 |
| 26. | באמערקונג צו דער פאָעמא „די מאסקע פון אנארכיע" | 124 |
| 27. | די מאסקע פון אנארכיע | 128 |

# אינהאלט־פארצייכעניש


פּאָעמע — זייט

28. באמערקונג צו דער פּאָעמאַ:
„דער אייראָפּייאישער קאָנצערט" ........ 155
29. דער אייראָפּייאישער קאָנצערט ........ 159
30. זיג ........ 169
31. דער שמיד און דער קעניג ........ 172
32. קינסטלער - כישוף ........ 175
33. דערוואכונג ........ 177
34. בייז־באָל ........ 179
35. דער נביא ........ 185
36. א מיליטער פּאראד ........ 188
37. קאָנטראקטן ........ 190
38. הקפות ........ 195
39. ביים ים־ברעג ........ 200
40. פּורים ........ 203
41. חנוכה ........ 210
42. ניט ווארף אוועק מיך! ........ 214
43. אויפ'ן קראנקן בעט ........ 218
44. ס'איז קיינעמ'ס, קיינעמ'ס שולד ........ 225
45. ביים סדר ........ 288
46. יום־כפור ........ 232
47. געוויטער ........ 237
48. וואונדער־לאַנד ........ 245
49. קינדער ........ 247
50. א מאָראַלישער מענטש ........ 250
51. אָ זאָגט מיר, ווארום און ווי לאַנג? ........ 255
52. א טעות ........ 257
53. רבי מאיר־בעל־נס אין חרם ........ 261
54. אונזער פּלאָטע ........ 270
55. מיין ווידוי ........ 287
56. אומזיסט דאָס באקלאָגן זיך ........ 294